


אין א מאדערן-וויסענשאפטליכער אויפפאסונג
לויט מסורה פון תנ"ך און תלמוד.



ISBN:0-657-12201-7


לאדז—תר"פ.

# וועלט-קריג
# וועלט-פרידען
# און משיח'ס-צייט.

צוזאמענגעשטעלט און בעארבייט

**אין אַ מאָדערן-וויסענשאַפטליכער אויפפאַסונג.**

(לויט מְסוֹרָה פון תְּנַ"ך און תַּלְמוּד)

— דורך —

## אברהם טענענבוים

(לאָדז).





---

דרוקעריי מ. מיימאַן, לאָדז, ציגעל-גאַס 10.

# אינהאלט:





„וְהֵבִיאוּ אֶת כָּל אֲחֵיכֶם מִכָּל הַגּוֹיִם מִנְחָה לַה׳.״

(ישעיה ס״ו—כ׳)

„עַל יְדֵי מַלְכוּת בְּרִיטַאנְיָא וכו׳.״

(ר׳ יהודה אלקלעי בספרו „גורל לה׳״, הנדפס בשנת תרי״ז)

גע׳עווידמעט דעם ענגלישען הויכען קאָמיסאַר

און טרייען זוהן פון אונזער פאָלק,

דעם ערשטען יודישען נְצִיב אין בענייטען אֶרֶץ־יִשְׂרָאֵל

סיר הערבערט סעמיועל ירום כבודו.



תר״פ. — 1920.

# פאָרוואָרט.

ווי וואונדערבאַר עס זאָל ניט זיין, און ווי רעטזעלהאַפט עס זאָל ניט ערשיינען, איז עס אָבער דאָך אַ פאַקט — אַ פאַקט וועלכער איז ווערט בעקאַנט צומאַכען אין אונזער איצטיגער צייט.

עס איז אַ פאַקט, אַז קיין שום פאָלק אין דער וועלט האָט ניט אַזוי צייט־ליך און אַזוי דייטליך פאָראויסגעזעהן דעם מורא'דיגען וועלט־קריעג מיט אַלע זיינע שרעקען און פאָלגען, ווי דאָס יודישע פאָלק. און אויך איז עס אַ פאַקט אַז די גייסטיגע פאָרשטעהער פון קיין שום נאַציאָן, האָבען ניט פערבונדען מיט אַזאַ זיכערקייט דאָס ענטגילטיגע צוקונפטס־גליק פון זייערע ליידענס־גענאָססען מיט'ן אַמאָליגען וועלט־פריעדען, ווי די פאָרשטעהער פון דער יודישער אומה.

דאָס האַראַקטעריסטישע פון דעם אַלעם איז אָבער דאָס, וואָס די דאָזיגע יודישע פאָראויסזאָגונגען, וועלכע האָבען זיך נאָך אָנגעהויבען מיט העכער 2500 יאָהר צוריק, זיינען אַזוי גענוי און ריכטיג געשילדערט, און ענטהאַלטען אין זיך זוי פיעל איינצעלהייטען פון אונזער איצטיגער עפּאָכע, אַז ווען מ'בעטראַכט זיי גענויער און מ'פערגלייכט זיי צו די איבערלעבנישען פון אונזערע לעצטע פאָר יאָהר, ווערט מען פשוט ערשטוינט און פערוואונדערט פון זיי.

צו פערעפענטליכען דאָס גאַנצע מאַטעריאַל, וועלכעס געפונט זיך אַלץ וועגען דעם אין דער יודישער ליטעראַטור—איז ניט מיין אַבזיכט; דען ערשטענס איז עס אַזוי פיעלזייטיג און אינהאַלטס־רייך, אַז דאָס גרעסטע ענציקלאָפּעדישע ווערק וואָלט אויך ניט דערצו גענוג געווען; און צווייטענס געפונען זיך דאַרונ־טער אויך זעהר פיעל מיינונגען, וועלכע האָבען אויסדריקליך אַ שייכות בלויס צו דער ריין רעליגיעזער זייט פון יודענטום. איך האָב דעריבער צוזאַמענגעשטעלט דאָ נור דאָס אינטערעסאַנטעסטע דערפון, וואָס קאָן האָבען אַ בעדייטונג אויך פאַר דעם אַלגעמיינעם לעזער.

אברהם טענענבוים (לאָדז).



אחי נכבד.

נתתי לך את שלש כתבות לך כל העת
הנני מדבר בפה את נחמתו על פני.
והנני שולח לך ספר זה למזכרת ונדבה
נדידות. ואתה ואחתי כפרתי
לך כל הספר ... ספר זה לרדין באהבה
נדבת. יהודה קורנפלד

I.

# דאָס אויסערוועהלטע פאָלק.

עס איז אַ בעוואוסטע זאַך, אַז דאָס יודישע פאָלק ווערט אויך אָנגערופען מיט'ן ביינאָמען „דאָס אויסערוועהלטע פאָלק“. דעם דאָזיגען יודישען ביינאָמען, וועלכען מיר בּאַגעגנען דאָס ערשטע אין דער יודישער ליטעראַטור פון „אַלטערטום“, טרעפען מיר אָפּט אויך אין דער ניט-יודישער ליטעראַטור פון „מיטעל-אַלטער“ און זאָגאַר פון דער „נייצייט“. דאָרט אָבער — אין דער פרעמדער ליטעראַטור — טראָגט שוין ניט מעהר דער נאָמען „אויסערוועהלטעס פאָלק“ זיין אַמאָליגע היסטאָרישע בעדייטונג — די בעדייטונג פון אַ פאָלק, וועלכעס האָט זיך אַמאָל ווירקליך מיט עפּעס אויסגעצייכענט מעהר פון אַנדערע פעלקער; גיכער ווערט דאָרט — אין דער ניט-יודישער ליטעראַטור — דער דאָזיגער יודישער ביינאָמען אָנגעווענדט אַלס איראָנישע בעצייכנונג, און אַלס חוזק-מאַכריי פון יודישען פאָלק און פון זיינע אַמאָליגע גייסטיגע פיהרער, וועלכע האָבען זיך עס ערלויבט „אַזוי צו פּראָפּאַניערען“ (מחלל צו זיין די קדושה פון) אַלע איבּריגע פעלקער, אָנרופענדיג נור דאָס פאָלק ישראל מיט אַזאַ אינטערעסאַנטען עהרען-נאָמען.

זעלבּסטפערשטענדליך, אַז היינט — אין צוואַנציגסטען יאָהר-הונדערט — קלינגט עס אַביסעל קאָמיש, ווען מ'הערט אָנרופען דעם יוד סתם מיט'ן נאָמען „אתה-בחרתנו'ניק“. אַז מ'קעהרט זיך אָבער אום צו דער עפּאָכע פון טיפען אַלטערטום און מ'נעמט געטרוי זיך פאָרשטעלען די צייט, ווען דער מענש איז נאָך געווען אַזוי ווילד און רויה, דאָס פאַר דעם מינדעסטען אָבּגאָט זיינעם — פאַר זיין הילצערנעם, ליימערנעם אָדער שטיינערנעם פעטיש (געץ), איז ער צו יעדער צייט אימשטאַנד געווען מקריב צו זיין זיין טייערסטען קנעכט און בעסטען דיענער; ווען מ'דערמאַנט זיך, ווי לכבוד דעם „רצון“ פון די פאַרציי-טישע אָבגעטער, „בעל“ און „מולך“, פלעגט דאַן דער מענש אַרויספיהרען אויפ'ן ברענענדיגען שייטער-הויפען ניט נור זיין איינציגעס קינד און ליעבּסטע פרוי, נור אויך גאַנצע פאַמיליעס און מענשען-גרופּען פלעגען דאַן צו דעם צוועק אַרויפגעבּראַכט צו ווערען אויפ'ן מזבח פון פייער; ווען מ'קוקט זיך אויך צו צו די אונמענשליכע, ציניש-אויסגעלאַסענע מעשים... וואָס די פאַרצייטישע מענשהייט פלעגט דאַן אָבצוטהון פאַר דער אָבגעטין „עשתרות“ מיט איהרע כהנים... — אַט דאָס דאָזיגע, ווען מ'שטעלט זיך אַזוי געטרוי פאַר און מ'זעהט וואָס פאַרע

ריעזיגע אומקערעניש די יודישע רעליגיאָנס-לעהרע — דער „מאָנאָטעאיזם"[1])— האָט דאַן פון יענע האַלב-ווילדע מענשען געמאַכט; און דערצו ווען מ'בעגרייפט ווי די מענשהייט וואָלט נאָך היינט אויסגעזעהן, ווען ניט דער גוואַלדיגער שטויס, וואָס דער יודישער „מאָנאָטעאיזם" האָט געגעבען דער וועלט פאָראויס צום פראָגרעס צו — אָט דאָס אַלץ ווען מ'פערגעסט ניט און מ'נעמט דאַביי נאָך אין אַכט, אַז אויך אַלע שפּעטערע וועלט-רעליגיאָנען: דאָס „קריסטענטום", דער „מאַחמעדאַניזם" מיט אַלע פון זיי ענטשטאַנענע רעפאָרם-צווייגען ווי: דער „דעאיזם"[2]), „טעאיזם"[3]), „פּאַנטעאיזם"[4]) א. א. וו. — אַז אויך דאָס אַלץ שטיצט זיך הויפּטזעכליך אויך בלויס נור אויף דעם יודישען „מאָנאָטעאיזם" — אָט דאָס, ווען דער מענש נעמט אין בעטראַכט, מוז ער אַליין מודה זיין, אַז אויף דעם קולטורעל-רעליגיעזען וועלט-היסטאָרישען געביט, פערדיענט דייקע נור דאָס יודישע פאָלק צו טראָגען אַזאַ עהרען-נאָמען ווי „אויסער-וועהלטעס פאָלק"; דען גרעסערעס און נוצליכערעס פאַר דער מענשהייט האָט דערווייל אויף דעם דאָזיגען געביעט, חוץ יודען, קיין שום פאָלק ניט געשאַפען.

---

דער ערשטער, וואָס האָט געקרוינט די יודען מיט'ן נאָמען „אויסער-וועהלטעס פאָלק", איז געווען משה רבינו[5]). און מיר מוזען צוגעבען, אַז ער — דער געזעץ-געבער פון דער וועלט און דער שעפּפער פונ'ם „גלויבען אין אחדות-הבורא" — פון דעם גלויבען, וועלכער האָט ענטוויקעלט אין דער מענשהייט דאָס בעוואוסטזיין, אַז ניט דער „פעטישיזם"[6]) און אויך ניט דער „פּאָליטעאיזם"[7]) זענען עס די ריכטיגע און נוצליכע גלויבענס פאַר דער

---

[1]) „מאָנאָטעאיזם" הייסט: דער גלויבען אין איין איינציגען גאָט. דאָס וואָרט איז צוזאַמענגעשטעלט פון די צוויי גריכישע ווערטער „מאָנאָס" (איינציג) און „דעאָס" (גאָט).

[2]) „דעאיזם" איז אַ פילאָזאָפישע גלויבענס-לעהרע, וועלכע לויטעט, אַז גאָט איז דער פערשטאַנד.

[3]) „טעאיזם" איז אַ גלויבענס-לעהרע, לויט וועלכער גאָט איז איינציג.

[4]) „פּאַנטעאיזם" איז אַ פילאָזאָפישער גלויבענס-בעגריף, וועלכער ווייזט אויף, אַז גאָט איז אין אַלעם, און אין אַלעם איז גאָט. — „פּאַן" הייסט אין גריכישען „אַלץ" אָדער „אַלגעמיין" און „דעאָס"—גאָט.

[5]) „דיך, פאָלק ישראל, — זאָגט משה רבינו — האָט עס גאָט אויסערוועהלט צו זיין זיין ליעבלינגס-פאָלק פון אַלע איבריגע פעלקער פון דער וועלט". — בך בחר ה' להיות לו לעם סגולה מכל העמים על פני האדמה". דברים ז—.).

[6]) „פעטישיזם" הייסט; דער גלויבען אין געצען-בילדער און אָבגעטער פון האָלץ, שטיין, ביין ליים, מעטאַל; און אין בהמות, חיות, פייגיל, פיש, שדים, רוחות, טייהלאָגים, ביימער, געוויקסען א. ז. וו. — דאָס וואָרט „פעטיש" שטאַמט פון שפּאַנישען און פּאָרטוגיזישען „פעטיגאָ" (כשוף) און "פעטיש" (געץ).

[7]) „פּאָליטעאיזם" הייסט: דער גלויבען אין פיעל געטער-קרעפטען ווי: פייער, וואַסער,

וועלט — אַז ער, דער גרינדער פון דער דאָזיגער נייער וועלטס-לעהרע, האָט אויך גאַנץ רעכט געהאַט, ווען ער האָט אָנגערופען די ערשטע אָנהענגער און פערברייטער פון זיינע נייע אידעען מיט אַזאַ עהרען-נאָמען; דען פאַר איהם, אַלס געזעץ-געבער און רעליגיאָנס-שעפפער זיינען די יודען, אַלס ערשטע פּיאָנערען פון מאָנאָטעאיזם, ווירקליך געווען איינס פון די אויסערוועהלטעסטע און בעליעבטעסטע פעלקער אין דער וועלט.

די שפּעטערע גייסטיגע פאָרשטעהער פון די יודען, די נביאים, און אויך די קאָמענטאַטאָריער (מפרשים) פון דער תורה, די חכמי-התלמוד, געברויכען אויך דעמזעלבען ביינאמען אויף יודען. נור שטאָט דעם, וואָס די נביאים רופען אָן די יודען קורץ מיט'ן נאָמען (העם אשר בחר ה', אָדער: „עם קדוש" א. ז. וו.) „דאָס אויסערוועהלטע און דאָס אָבגעזונדערטע פאָלק", גיבען די חכמי-התלמוד דערצו נאָך פערשיעדענע לויב אויסערונגען אויפ'ן פאָלק ישראל [8]). די אַלע לויב-אויסערונגען זיינען אָבער אייביג געזאָגט געוואָרען, כדי העכער צו שטעלען די יודען, אַלס פערברייטער פון מאָנאָטעאיזם, פון די פערברייטער פון די אייביגע דאַמאָליגע האַלב-ווילדע גלויבענס.

די חכמי-התלמוד ערקלערען זאָגאַר אויסדריקליך, פאַרוואָס דאָס יודישע פאָלק ווערט עס אַזוי געלויבט. דער מדרש זאָגט, אַז:

„גאָט זאָגט אַזוי צו די יודען: איך בין טאַקי דער גאָט פון אַלע בעשעפענישען פון דער וועלט, און דאָך האָב איך בעשטימט מיין נאָמען בלויס

---

ווינד, קעלט, היץ, זון לבנה, שטערען, הימעל, ערד א. ז. וו. — דאָס וואָרט שטאַמט פון גריכישען — „פּאָלי" (פיעל) און „דעאָס" (גאָט).

[8]) אַזעלכע אַרט לויב-אויסערונגען, וועלכע זיינען געזאָגט אויף יודען הויפּטזעכליך צוליעב זייער פערשפּרייטען דעם גלויבען אין איין איינציגען גאָט (דעם „מאָנאָטעאיזם"), טרעפט מען אין תלמוד זעהר אָפט. אַלס כאַראַקטעריסטיק וועל איך דאָ ציטירען איניגע פון זיי.

„ר' יהושע בן לוי זאָגט: אַז אַלדעס גוטס, וואָס קומט נור אויף דער וועלט, איז אַלץ נור אין זכות פון פאָלק ישראל... — „כל הטובה הבאה לעולם אינה אלא בזכות ישראל"... (מדרש רבה על פסוק: שובי שובי השולמית.) דאָרטזעלבסט זאָגט נאָך דער מדרש, אַז: „די יודען זיינען דאַפיר געגליכען צו אייהל, ווייל זיי האָבען גראַד ווי אייהל געבראַכט אויף דער וועלט ליכט... פון וועלכען עס געניסען אַלע פעלקער. „מה השמן הזה הביא אורה לעולם כך ישראל, שנאמר: והלכו גוים לאורך... (מדרש רבה שם)

עהנליכעס ווינקט אָן אין פּאָעטישען זין אויך דער „זוהר". — „די יודען - זאָגט ער - זענען די קנויט, די תורה איז דער אייהל און די גאָטהייט איז דאָס ליכט"... — „ישראל איגון פתילה. אורייתה משחא, שכינתא שרגא"... (תיקוני זוהר ת' כ"א)

אויף אַנ'אַנדער אָרט זאָגט ווידער דער תלמוד אַזוי:

„די יודען זיינען דאַפיר געגליכען צו דער טויב, ווייל גראַד ווי די טויב האָט דאָך די ערשטע געבראַכט נאָכ'ן מבול אַ ליכטיגע בשורה אויף דער וועלט, אַזוי האָבען אויך די יודען געבראַכט דאָס ערשטע „ליכט" פאַר דער וועלט"... — גמשלו ישראל כיונה: מה יונה הביאה אורה לעולם, אף ישראל הביאו אורה לעולם"... (מדרש שיר השירים פסוק: עיניך יונים)

אויף אייך, און כ'ווער אָנגערופען „דער יודישער גאָט..."
„אמר הקב"ה לישראל: אלהי אני על כל באי עולם, ויחדתי שמי עליכם ואני נקרא „אלהי ישראל". (שמות רבה ל"ב)

עהנליכעס זאָגט אויך דער תלמוד אין נאָמען פון די יודען אַליין.
„די יודען זאָגען צו גאָט פאָלגענדעס: „רבונו של עולם! דו דאַרפסט עס דאָך אונז האַלטען פאַר גוטס, וואָס מיר האָבען דיך אַזוי זעהר בעוואוסט געמאַכט אויף דער וועלט..."
„אמרה כנסת-ישראל לפני הקב"ה: חחזק לנו טובה שהודעתיך בעולם". (מנחות נ"ג

אָט צוליעב דער דאָזיגער מאָנאָטעאיסטישער לעהרע — צוליעב דער איצטיגער וועלטס-ביבעל, דער אַמאָליגער יודישער תורה, וואָס דער יוד האָט דער ערשטער פערבּרייטעט צווישען די פעלקער, ווערט טאַקי מיט רעכט די יודישע אומה אָנגערופען מיט'ן פּאָעטישען נאָמען „דאָס אויסערוועהלטע פאָלק".

---

עס איז אָבער פאַרהאַן נאָך אַ געביעט אין דער וועלט'ס-וויסענשאַפט, וואָס דער יוד איז געוועזען דער ערשטער, וועלכער האָט אויסגעטראָטען פאַר דער מענשהייט דעם ערשטען וועג צו איהם; — עס איז דאָס געביעט פון דער סאָציאַל-פּאָליטישער און עקאָנאָמיש-ווירטשאַפטליכער וועלטס-רעפאָרם, וואָס די מענשהייט בעשטרעבט זיך אַלץ זייט יאָהרען איינצופיהרען.

אויך אויף דעם דאָזיגען געביעט האָט דאָס יודישע פאָלק, ווי דער לעזער וועט זיך עס ווייטער איבערצייגען, געלייסטעט דער וועלט אויסערגעוועהנליכעס; דען נור דאָס יודישע פאָלק איז עס געווען דאָס ערשטע פון אַלע פעלקער, וועלכעס האָט ערוועקט אין דער מענשהייט דעם געדאַנק, אַז איהר אַלטע וועלט'ס-אָרדנונג איז בשום אופן ניט אויסגעהאַלטען און, אַז די דאָזיגע „אָרדנונג" — ריכטיגער געזאָגט, די אונאָרדנונג פון דער וועלט, — וועט סוף כל סוף מוזען געענדערט ווערען אויף אַ בעסערע, מאָדערנערע און אויסגעהאַלטענערע...

און וועגען דעם וויל איך דאָ גענויער ערקלערען, און דאָס איז עס אויך דער הויפּט-ציעל און דער אינהאַלט פון דעם מאַטעריאַל, וועלכעס איך האָב דאָ צונויפגעזאַמעלט אונטער'ן נאָמען: „וועלט-קריג, וועלט-פרידען און משיח'ס-צייט".

---

II.

# דער אייביגער יוד.

ווי מיר ווייסען עס פון דער געשיכטע און ווי מיר זעהען עס נאָך ביי היינטיגען טאָג, האָט דאָס יודישע פאָלק, אַלס נאַציאָן, אין זיך אַ וואונדערבאַרע מעלה — אַ מעלה, מיט וועלכער ניט איין פאָלק אויף דער וועלט איז דעם יודען מקנא, — איך מיין דאָ דעם בעריהמטען יודישען עקזיסטענץ-

ווילען און זיין אייזערנע קראפט ניט צו לאָזען זיך פון קיינעם בשום אופן פערניכטען.

און אַזוי זעהען מיר, ווי די דאָזיגע זעלטענע אייגענשאַפט — וועלכע האָט דעם יודען נאָך אין „אַלטערטום" צוגעהאָלפען איבערצולעבען אַלע זיינע פאַרצייטישע געגנער און אונטערדריקער — שיצט איהם אויך אין „מיטעל־אַלטער" און בעגלייט איהם טריי פון איין גלות־לאַנד צום אַנדער׳ן, און ווי זי העלפט איהם אויך דערהאַלטען זיך ביז צו דער „ניי־צייט" און עקזיסטירען ביז אויף היינטיגען טאָג.

פון וואַנען אָבער נעמט זיך עס צום יודישען פאָלק אַזאַ וואונדערבאַרע מעלה? און אין וואָס אַזעלכעס בעשטעהט דען אייגענטליך איהר געהיימניספולע קראַפט?

די דאָזיגע פראַגע, מיט וועלכער עס האָבען זיך שוין בעשעפטיגט פיעל געלעהרטע און פעלקער־פסיכאָלאָגען, ערקלערט זיך דערמיט, וואָס דאָס יודישע פאָלק האָט דורך זיין האָפנונג אויף משיח׳ן אויסגעארבייט אין זיך אַזאַ פעלזען־פעסטען ווילען צו בלייבען אַלץ ווייטער עקזיסטירען, וואָס קיין שום פאָלק אויף דער וועלט האָט עס קיינמאָל ניט בעוויזען געקאָנט. אָט די דאָזיגע יודישע האָפנונג — די אונאויפהערליכע בענקשאַפט פונ׳ם פאָלק ישראל נאָך זיין „מלאך־הגואל", נאָך דעם ערלייזער, וועלכער זאָל אַמאָל קומען און עס צוריק בעפרייען פון פינסטערען גלות, און דאָס אייביגע וואַרטען און אויסקוקען יענע גליקליכע טעג, דיא „ימות־המשיח" — אָט דאָס אַלץ האָט זיך אין דער יודישער פאָלקס־נשמה, און אין זיין גאַנץ לעבען און שטרעבען אַזוי טיעף איינגעוואורצעלט, אַז דאָס אַליין איז שוין גענוג געווען, דאָס דער יוד זאָל אייביג אימשטאַנד זיין אויסצוהאַלטען די שרעקליכע רדיפות פון די פיעל אונטערדריקער זיינע, און דאָס האָט איהם טאַקי שטענדיג צוגעהאָלפען, צו קאָנען לייכטער אָבטרייסלען פון זיך די שווערע צרות־קייט, וועלכע איז אין גלות אַרום זיין פאָלקס־קערפער כסדר געשמידעט געוואָרען.

און זעהר ריכטיג דריקט זיך וועגען דעם אויס דער פערפאַסער פונ׳ם גרעסטען קבלה׳איסטישען ווערק, פונ׳ם „זוהר". ער זאָגט אַזוי;

„ווען ניט דאָס, וואָס די יודען האָפען אַלץ כסדר און וואַרטען אויף דעם גוטס, וואָס די תּורה האָט זיי צוגעזאָגט צו געבען אין דער משיח׳ס־צייט, וואָלטען זיי דעם שווערען גלות־יאָך בשום אופן ניט אַריבערטראָגען געקאָנט; דורכדעם אָבער, וואָס זיי לערנען אין די הייליגע ספרים און לייענען דאָרט וועגען דעם אַלעם גוטען, וואָס זיי ערוואַרט אין יענער גליקליכער צייט — טרייסטען זיי זיך און האַלטען אויס דעם גלות"...

„אלמלא כל אינון טבאן דקא מחכאן וחמאן כתיבין באורייתא לא הוו בני ישראל יכולין למיקם ולמסבל גלותא. אבל אזלין לבי מדרשות פתחין ספרין וחמאן כל אינון טבאן — מתנחמין בגלותהון"... (זוהר כי תשא)

דאָסזעלבע ווינקען אויך אָן די חכמי התּלמוד. — „די יודען וועלען ניט

דורך עפּעס אַנדערש אויסגעלייזט ווערען פון גלות, ווי נור דורך זייער גלויבען”...
„אין הגליות מתכנסות, אלא בשכר אמנה”... (מכילתא בשלח)

ווי אַזוי קומט עס אָבער, וואָס דאָס וואָרט „משיח” האָט זיך פערוואַנדעלט אין אַ בעגריף פון טרייסט און בטחון? און וואָס האָט זיך עפּעס דער דאָזיגער בעגריף אַזוי פעסט צונויפגעבונדען גראָד מיט דער האָפנונג אויף בעסערע צייטען?

אָט דאָס ערקלערט זיך מיט פאָלגענדעם:

ווי בעוואוסט, פלעגט מען וועהרענד דער יודישער רעגירונגס-צייט צו זאַלבען צוויי פערזאָן: דעם כהן-גדול און דעם קעניג. דער אַקט פון דער יודי-שער קעניגס-זאַלבונג (די משיחה), וועלכע האָט, לויט'ן דין, געמוזט שטענדיג פאָרקומען נעבען אַ טייך, און איז תמיד געמאַכט געוואָרען מיט אַ ספּעציעל טייערען באַלזאַם-אייהל (שמן המשחה), פלעגט דאַן אויסגעפיהרט צו ווערען מיט אַזעלכע שעהנע אָריענטאַלישע צערעמאָניעס, און האָט געטראָגען ביים פאָלק ישראל אַזאַ פייערליכען און פּאַראַדנעם חאַראַקטער, אַז זי אַליין (די זאַלבונג) איז שוין געווען געגוג גענוג אַלס פּראָקלאַמירונג און אַנערקענונג פון דער געזאַלבטער פערזאָן פאַר דער אויסערוועהלטער, עהרענווירדיגסטער און אָנגעזעהענסטער פערזאָן פון גאַנץ יהודה. און פון דער דאָזיגער זאַלבונג — פון דער אַזוי-גערופע-נער „משיחה” — איז עס ענטשטאַנען ביי יודען דאָס וואָרט „משיח”. („געזאַלבטער”)

תחלת, ווען די יודען זיינען נאָך געווען אַ זעלבסטשטענדיגעס פאָלק און האָבען נאָך געהאַט זייער אייגענע רעגירונג און קעניג, האָט ביי זיי דער אויסדרוק „משיח” געטראָגען אַ ריין פּאָזיטיווען חאַראַקטער; דאָס הייסט, אַז דאָס וואָרט „משיח” איז געברויכט געוואָרען, אַלס אָנרופונג פון אַ פּערזאָן, וועל-כע האָט פאַקטיש עקזיסטירט און איז באמת געזאַלבט געווען אַלס פיהרער פון פאָלק. שפּעטער אָבער, ווען די זעלבסטשטענדיגקייט פון'ם פאָלק ישראל האָט גענומען פערשוואונדען, און אויפ'ן אָרט פון'ם געזאַלבטען קעניג האָט גאָר גע-נומען זיצען אַ פרעמדער, אַ „ניט-געזאַלבטער”... — איז דער אויסדרוק „משיח” אַרויס פון זיין פאַקטישער בעדייטונג און האָט גאָר אָנגענומען אַנ'אַבסטראַקטען חאַראַקטער — אַ חאַראַקטער פון אַ בלויסען בעגריף, וועלכער איז איינגעהילט געוואָרען אין אַ חיללע פון בענקשאַפט, טרייסט און האָפנונג...

די פראַגע איז אָבער די: וואָס עפּעס גראָד אין די סאַמע ערגסטע, מאָמענטען[9]), פון זיינע שרעקליכסטע צרות, פּיין און ליידען, פלעגט זיך ביים יודען נאָך מעהר צו שטאַרקען זיין בענקשאַפט, זיין טרייסט און האָפנונג אויף בעסערע

[7]) די געשיכטע ווייזט אויף, אַז די שרעקליכסטע אומגליקס-צייטען זייערע פלעגען די יודען אייביג בעטראַכטען אַלס דעם אָנהויב פון דער גאולה. און דאָס איז עס טאַקי די אורזאַכע, וואָס ביי יודען זיינען אין אָנהויב גלות ענטשטאַנען אַזוי אָפט די בונטען, אויפשטענדע און רעוואָלוציעס געגען די גריכען און רוימער, און דאַדורך זיינען טאַקי אין די טרויריגסטע צייטען זייערע אויפגע-שטאַנען אַזוי פיעל פאַלשע משיחים ווי; טעאודזע — ביי די רוימישע רדיפות; סערעניוס, אבו-איסא

צייטען? דאָס ווערט אָבער פערענטפערט, ווען מ'נעמט אין בעטראַכט, אַז דאָס יודישע פאָלק האָט באַלד פון אָנהויב אָן, ווי ס'איז נור אַ פאָלק געוואָרען, שוין געהאַט פאַר זיך די תורה אַלס ערמונטערין.

——⊝⊝⊝——

### III.

# די תורה אַלס ערמונטערין.

ווי ס'איז יעדען פון אונז בעוואוסט האָט די תורה פאָראויסגעזאָגט (ויקרא כ"ו), אַז אויב די יודען וועלען זיך האַלטען ביי איהרע געזעצען, ביי די מצות, און וועלען זיי אָבהיטען, דאַן וועט אויך גאָט די יודען אַלס פאָלק היטען — אויב אָבער ניט, דאַן וועט אויך גאָט די יודען אַלס פאָלק פערלאָזען: די שטעדט וועלען חרוב ווערען, די פעלדער וועלען ווערען פערוויסט און זיי אַליין, — די יודען — וועלען פערטריבען ווערען צווישען די פעלקער פון דער וועלט. אָט אין דעם זין האָט די תורה פאָראויסגעזאָגט די טרויעריגע מוסר-נביאות, די אַזוי גערופענע „תוכחה".

מורא האָבענדיג אָבער טאָמער וועלען די יודען, דורך די דאָזיגע שטרענגע פאָראויסזאָגונגען, אַריינפאַלען אין אַ שטימונג פון פערצווייפלונג און יאוש, וואָס עס האָט ביי אַ אומגליקס-פאַל נאָך געקאָנט פיהרען דאָס פאָלק צו אַ פולשטענדיגען אונטערגאַנג — האָט די תורה די דאָזיגע שרעקליכע מעגליכקייט בייצייטענס פערהאַפט, און באַלד, נאָך די תוכחה-רייד, הויכט זי אַריין אין דער יודישער פאָלקס-נשמה אַ זעלטענעם אויפמונטערונגס-גייסט פון די בעסטע האָפנונגס-פערזיכערונגען און מוטיגסטע טרייסט-ווערטער. (ויקרא כ"ו) צווישען די אַלע גוטע הבטחות געפונט זיך אויך אין דער תורה אַ צוזאָג, אַז „אויך אין די פיינדעס-לענדער וועט גאָט די יודען אַלס פאָלק ניט פערלאָזען; ער וועט זיי פון גלות צוריק בעפרייען, וועט זיי אַנערקענען ווייטער אַלס פאָלק און עס צוריקפיהרען אין לאַנד פון זיינע עלטערן".

ד אָ ס ז ע ל ב ע האָט אויך משה רבינו געטהון. זאָגענדיג די יודען פאָראויס וועגען זייער צוקונפט, און שילדערנדיג זיי די צרות און ליידען, וואָס זיי וועלען האָבען אויסצושטעהן, ווען זיי וועלען פערלאָזען די תורה, ווענדעט אויך ער זיך באַלד צוריק פון זיינע שטרענגע שטראָף-רייד און נעמט אויפסניי אויפמונטערען די יודען. דאַביי פערזיכערט ער זיי, אַז גאָט וועט

און יודגאַן — בעת די פערפאָלגונגען פון די מאַכמעדאַנער; דוד אלראָאי — ביי די בלוטיגע קרייצציגע; אשר לעמלין- ביים גרוש שפאַניען ופאָרטוגאַל; דוד ראובני און שלמה מולכוי — אין דער אינקוויזיציאָנס-צייט; שבתי צבי- אין חמיעלניצקי צייטען; און יעקב פראַנק- ביי די לעצטע היידאַמאַקישע שחיטות פון ושצלעזניאַק'ן און גאָנטע'ן.

אַמאָל די יודען צוריקנעמען אַלס פאָלק, וועט זיי צונויפזאַמלען פון אַלע לענדער און וועט זיי צוריק אומקעהרען קיין ארץ ישראל. (דברים כ"ח גם ל')

אזא עהנליכע פאָראויסזאָגונג האָט אויך בלעם געזאָגט וועגען יודען. זיינע ווערטער טראָגען שוין אָבער אַ מעהר פאָעטישען פאָרם און דעריבער האָבען זיי ערשט געמוזט אויסגעטייטשט ווערען דורך די „חכמי-התלמוד" און דורך די „בעלי התרגום". (תרגום-ירושלמי גם יונתן בן עוזיאל במדבר כ"ד)

דאָס אייגענע האָבען אויך די נביאים געמאַכט; מוסר'ני-דיג שטרענג דאָס פאָלק ישראל פאַר זיינע זינד, און, זאָגענדיג איהם דאַפיר פאָראויס זעהר שלעכטעס, טרייסטען אויך די נביאים באַלד די יודען און פער-זיכערן, אַז דאָס יודישע פאָלק וועט קיינמאָל ניט אויפהערען אַ פאָלק צו זיין.

אַזוי הערען מיר, ווי ישעיה הנביא פערזיכערט די יודען:
„גראָד ווי הימעל און ערד עקזיסטירען פאַר מיר אייביג, גראָד אַזוי — זאָגט גאָט צו די יודען — וועלען אויך אייערע קינדער און אייער נאָמען שטענדיג עקזיסטירען בלייבען".

„כי כאשר השמים והארץ עומדים לפני, כן יעמוד זרעכם ושמכם". (ישעיה ס"ו—כ"ב)

אויך ירמיה הנביא ערקלערט דאָסזעלבע:
„אַזוי זאָגט גאָט, וועלכער האָט געשאַפען די זון אַלס בעלייכטונג אויף טאָג, און די לבנה מיט די שטערען אַלס ליכט פאַר דער נאַכט: צו קאָנען דען די דאָזיגע נאַטור-געזעצען אַמאָל אויפהערען? אַזוי וועלען אויך די יודען קיינמאָל ניט אויפהערען צו זיין אַ פאָלק פאַר מיר"...

„כה אָמַר ה', נוֹתֵן שֶׁמֶשׁ לְאוֹר יוֹמָם, חֻקּוֹת יָרֵחַ וְכוֹכָבִים לְאוֹר לָיְלָה וכו':
אִם יָמֻשׁוּ הַחֻקִּים הָאֵלֶּה מִלְּפָנַי? גַּם זֶרַע יִשְׂרָאֵל יִשְׁבְּתוּ מִהְיוֹת גּוֹי לְפָנַי כָּל הַיָּמִים". (ירמיה ל"א)

און אין זעלבען זין האָבען זיך אויך די שפּעטערע יודישע געלעהרטע, די חכמי-התלמוד, וועגען יודען שטענדיג אויסגעדריקט. אַלס כאַראַקטעריסטיק וועל איך דאָ ציטירען אייניגע פון אַזעלכע תלמודישע אויסערונגען. אויף דעם פסוק אין „קהלת": „דור הולך ודור בא, והארץ לעולם עומדת" זאָגט די גמרא פאָלגענדעס:

„איין קעניגרייך וועט אונטערגעהן און אַ צווייטעס וועט ענטשטעהן; איין גזירה וועט אָבגעשאַפט ווערען פון יודען און אַ צווייטע וועט אויף זיי אַרויס — אָבער זיי אַליין, די יודען, וועלען קיינמאָל ניט אונטערגעהן"...
„מלכות עוברת ומלכות בא, גזירה בטילה, וגזירה יוצאת על בני ישראל, אבל הם בעצמם אינם בטילים לעולם" (דרך-ארץ, פרק השלום גם מדרש קהלת).

אויף אַנ'אַנדער אָרט ווערט וועגען דער אייביגער עקזיסטענץ פון יודישען פאָלק נאָך פיעל דייטליכערעס און אינטערעסאַנטערעס געזאָגט:

„די יודען ווערען געגליכען צו אַ איילבירטען-בוים [10]) — אַזוי ווי אַ איילבירטענבוים פערליערט ניט זיינע בלעטער, ניט אים זומער און ניט אין ווינטער — אַזוי וועט אויך דאָס פאָלק ישראל קיינמאָל ניט פערלוירען געהן; אַזוי ווי אַ איילבירטען-פרוכט ווערט צוערשט געקלאַפּט, דאַן פיהרט מען זי אַריין אין קעלטער, וואו זי ווערט געקוועטשט און געפּרעסט דורך שווערע שטיינער, און דערנאָך גיט ז ערשט אַרויס דעם טייערן אייהל — אַזוי וועט אויך דאָס יודישע פאָלק, נאָכ׳ן אָנליידען זיך אין פינסטערען גלות, בעפרייט ווערען פון יאָך פון די פעלקער; און גראָד ווי אייהל האָט אין זיך אַ נאַטור, אַז ווי דו זאָלסט איהם ניט וועלען אויסמישען מיט אַנדערע פליסיגקייטען, וועט ער זיך דאָך קיינמאָל ניט לאָזען, — אַזוי וועלען אויך די יודען זיך קיינמאָל ניט אויסמישען (אַסימיליערען) מיט די איבריגע פעלקער; און אַזוי ווי דער מענש דערזעהט די צופרידענהייט פון זיין אַרבייט ביים אייהל-פּרעסען ערשט צום סוף — אַזוי וועט אויך די וועלט ערשט איינזעהען די וויכטיגקייט פון יודישען פאָלק אין סוף פון די יאָהרען״... (אין דער עולם הבא-צייט).

„אמר ר׳ יהושע בן לוי: למה נמשלו ישראל לזית? מה זית אין עליו נושרין לא בימות החמה ולא בימות הגשמים, אף ישראל אין להם בטילה עולמית וכו׳. (מדרש רבה — תצוה, ילקוט, גם מנחות נ״ג

אָט פון די אַלע אַרט הבטחות און טרייסט-ווערטער, מיט וועלכע דאָס יודישע פאָלק איז אַלץ כסדר דורך זיינע גייסטיגע פאָרשטעהער אויפגעמונטערט געוואָרען, איז עס ביים יודען ענטשטאַנען די פעסטע האָפנונג זיינע אויף אַ בעסערע צוקונפט, פון וואָס ס׳האָט זיך מיט דער צייט ביי איהם אויך געבילדעט זיין ערהאַבענער אידעאַל: די בעריהמטע „משיח-אידעע״.

---

[10]) עהנליכעס געפונט מען אויך אין ילקוט.— די יודען — זאָגט ער — ווערען געגליכען צו ווייַן: אַזוי ווי ווייַן ווערט דאָך צוערשט געטראָטען אין פינסטערן קעלטער און דאַן דערלאַנגט מען איהם אַרויף זאָגאַר אויף קעניגליכע טישען — אַזוי וועט עס אויך זיין מיט׳ן פאָלק ישראל: יעצט ווערט עס טאַקי פון אַלע געפייניגט און ערנידריגט, שפּעטער אָבער, אין דער משיח-צייט, וועט עס זעהר דערהויבט ווערען״... (ילקוט בראשית קמ׳ו)

# IV.

# די מָשִׁיחַ-אידעע אַלס סאָציאַלע וועלטס-רעפאָרם.

ווען מ'שטודירט דורך אַלע מיינונגען, אויסדריקע און ערקלערונגען, וועלכע געפונען זיך אַלץ וועגען „משיח'ן" אין דער יודישער ליטעראַטור, און, ווען מ'נעמט זיי צונויפבינדען אין איין גאַנצעס — מוז מען, ווילענדיג ניט ווילענדיג, קומען צום פעסטען בעשלוס, אַז די יודישע משיח-אידעע איז ניט עפעס אַנדערש, ווי דער אידעאַל פון דער צוקונפטיגער גליקליכער וועלט-אָרדנונג — פון דער אָרדנונג, וועלכע מוז אמאָל בעפרייען אַלע אונטערדריקטע פעלקער, דאַרף זיי פערבינדען אין איין אַלגעמיינעם פריעדענס-בונד און ברענגען דער מענשהייט אַ בעסערע צוקונפט.

לויט אינערליכער און גרינדליכער אויפפאַסונג פון דער פיעלזייטיגער משיח-ליטעראַטור, קאָן מען די יודישע משיח-אידעע טיילען אין צווייערליי בעגריפען: אין אַ „רעליגיעז-נאַציאָנאַלען משיח-בעגריף" און אין אַ „סאָציאַל-וועלטליכען משיח-בעגריף".

דער רעליגיעז-נאַציאָנאַלער משיח-בעגריף בעשטעהט אונסגעפעהר פון פאָלגענדער צונויפשטעלונג:

„ נאָכדעם, ווי דאָס יודישע פאָלק וועט זיך שוין האָבען אין גלות גענוג אָנגעליטען פאַר זיינע זינד, עובר'זייענדיג אויף די מצות פון דער תורה, וועט
„ זיך גאָט אויף איהם צוריק ערבאַרמען, און וועט נעמען אויסלייזען די יודען
„ פון גלות. צוערשט וועט אָבער גאָט נקמה נעמען אָן די אומות-העולם פאַר
„ זייער פייניגען די יודען. דאָס וועט געשעהען צום סוף פון 6-טען יאָהר-
„ טויזענד זייט די וועלט איז לויט ביבעל-רעכנונג באַשאַפען געוואָרען.[11]) כדי
„ די נקמה זאָל געשעהען אָן אַלע פעלקער מיט אַמאָל, וועט גאָט פערוויק-
„ לען די גאַנצע וועלט אין איין אַלגעמיינעם וועלטס-קריעג —, אין דעם אַזוי
„ גערופענעם „מלחמת גוג ומגוג" —, וועלכער וועט אָנמאַכען צווישען די פעל-
„ קער די שרעקליכסטע חורבות. און נאָכדעם, ווי די וועלט וועט זיך שוין
„ האָבען גענוג אָנגעליטען פאַר די אומגערעכטיגקייטען, וואָס זי איז געגען
„ יודען באַגאַנגען, וועט דערהערט ווערען דאָס קול פון שופר של משיח...
„ און אליהו הנביא וועט נעמען אָנזאָגען דער וועלט די בשורה פון פריעדען
„ און די יודען — די בשורה פון דער גאולה. דערנאָך וועט ערשיינען „משיח
„ בן דוד", וועלכער וועט צונויפזאַמלען די יודען פון אַלע גלות-לענדער —
„ אויך די 10 שבטים און די „בני משה", וועלכע סנחריב דער קעניג פון

[11]) געגוּיערס וועגען דעם זעה ווייטער ביים „וועלט-פרידען."

„אשור האָט געהאַט פערטריבען אַריבער יענער זייט פונ'ם טייך „סמבטיון"
„און וועט זיי אַלע צוזאַמען באַפרייען. דאַן וועלען די יודען צוריקקעהרען
„קיין ארץ-ישראל, וועלען אויפסניי אויפבויען דעם בית-המקדש און ווע-
„לען ווידער מקבל זיין די תורה. און פון יענער צייט אָן וועט שוין גאָט
„זיין דער איינציגער הערשער אויף דער וועלט"...[12]

אַזוי אונסגעפעהר שטעלט זיך עס צונויף דער נאַציאָנאַל-רעליגיעזער משיח-בעגריף, מיט וועלכען עס איז דורכגעדרונגען דאָס גאַנצע רעליגיעזע יודענטום ביז אויף היינטיגען טאָג, און אין דעם זין ווערען אויך דורכ'ן רעליגיעזען יודענטום אויסגעטייטשט די תלמודישע משיח-אויסערונגען און הויפּטזעכליך אַלע יודישע תפלות[13] פון יאָהר.

* *
*

יעצט לאָמיר זעהען, וואָס איז עס אַזעלכעס דער „סאָציאַל-וועלטליכער משיח בעגריף".

איידער איך געה איהם אָבער דאָ צונויפשטעלען, געפון איך פאַר נויטיג

---

[12]) איך האָב דאָ ספּעציעל צונויפגעשטעלט דעם גאַנצען נאַציאָנאַל=רעליגיעזען משיח=בעגריף,„ כּדי דער לעזער זאָל איהם קאָנען לייכט אונטערשיידען פונ'ם „סאָציאַל-וועלטליכען בעגריף." וועגען דעם לעצטען זעה בענויערעס וויטער דאָס קאַפּיטעל „עולם הבא" און „תחיית המתים."

[13]) די יודישע תפלות און געבעטען, וועלכע זיינען מעהרסטענטיילס צונויפגעשטעלט געוואָרען אין דער עפּאָכע, אין וועלכער דער שטאָלץ און דער גלאַנץ פון דער יודישער מלוכה האָט שוין אָנגעהויבען אַביסל פערדונקעלט צו ווערען, בעשטעהען ס'רוב פון זעצע מיט דעם אויבענדערמאָהנטען אינהאַלט. דער קווינט=עססענץ (דער הויפּט=פּונקט) פון אַלע יודישע תפלות איז אָבער דער „שמע=ישראל" און די „שמונה עשרי."

דער „שמע=ישראל,"— וועלכער לויטעט: „הער אויס דו פאָלק ישראל! גאָט אונזער אַלמעכטיגער איז דער איינציגער גאָט"— אָט דער „שמע=ישראל" איז עס דער אויסגעשריי פון אונזער געזעצגעבער משה רבינו, וועלכער האָט דער ערשטער דורך זיין מאָנאָטעאיסטישער לעהרע (גלויבען אין איין איינציגען גאָט) פערשטויסען פון דער וועלט יעדעס מין אָבערגלויבען אין געצען און אָבגעטער. (זעה פריהער דאָס קאַפּיטל : „דאָס אויסערוועהלטע פאָלק.") און וויל דער „שמע=ישראל" איז דער יסוד פונ'ם יודישען גלויבען, איז ער ממילא אויך אָנערקענט געוואָרען אַלס די הייליגסטע פראַזע (שפּרוך) פונ'ם יודישען פאָלק.

לויט געזעץ, מוז דער יוד די דאָזיגע מאָנאָטעאיסטישע פראַזע זיינע, דעם „שמע=ישראל", צוויי מאָל אַ טאָג מינדליך אויסשפּרעכען. חוץ דעם מוז זי זיין אויפגעשריבען ביים איינגאַנג פון יעדער יודישער שטוב (די מזוזה) און דאַרף אויך זיין איינגעפּאַסט אין אַ ספּעציעלע געבעט=הילזע (תפילין)

די „שמונה=עשרי" איז שוין אַ שפּעטערע צונויפשטעלונג. זי ענטהאַלט 18 ברכות (דעריבער הייסט זי „שמוני-עשרי" אַכצעהן) וועלכע בעשטעהען ס'רוב פון מאָנאָטעאיסטישע אויסערונגען און פון ברכות וועגען געזונדהייט, גליק און זעגען און וועגען דער בעפרייאונג און ווידערהערשטעללונג פון דעם יודישען פאָלק אין דער משיח=צייט. דעמזעלבען אינהאַלט, נור נאָך

צו דערמאָנען אויך עפּעס וועגען די יודישע סאָציאַלע ביבעל-געזעצען, וועלכע זיינען דער הויפּט-פּ נדאַמענט פון דער גאַנצער סאָציאַל-וועלטליכער משיח-אידעע.

---

ווי עס איז יעדען בעוואוסט, האָט די תּורה געשאַפען אַ געזעץ וועגען אַ רוה-טאָג פאַר'ן מענש. דער דאָזיגער רוה-טאָג, וועלכער הייסט לויט'ן העברעאישען „שבת" (רוה), מוז אָבגעהיט ווערען פינקטליך יעדען זיבעטען טאָג; אין דעם דאָזיגען רוה-טאָג האָט, לויט'ן געזעץ, געמוזט רוהען סיי דער מענש, ווי אויך זיין קנעכט, זיין בהמה און זאָגאַר זיין ערד. און ווייל דער שבת איז אַ זעהר וויכטיגע און אויסערגעווע נליך-נוצליכע איינריכטונג, האָט די תּורה וועגען איהר זעהר שטרענג אָנגעזאָגט (זכור ושמור...)

די תּורה ערקלערט זאָגאַר בפירוש, פאַר וואָס זי האָט עס אַזוי זעהר פעראָרדענט וועגען דעם דאָזיגען רוה-טאָג.

„וזכרת, כי עבד היית במצרים, על כן צוך ה' לעשות את יום השבת" (דברים ח')—

„צוליעב דעם — ערקלערט משה רבינו — האָט עס דיר גאָט אַזוי שטרענג באַפוילען וועגען איינריכטען דעם רוה-טאָג, כדי דו, ישראל זאָלסט געדענקען, אַז אין עגיפּטען ביזט דו נור אַ שקלאַף געווען"...

דען נור אַ שקלאַף — אַ פערקויפטער, נידריגער קנעכט — פיהלט ניט, אַז ער דאַרף האָבען אַ רוה-טאָג פאַר זיך; דער פרייער מענש אָבער, מוז אונבעדינגט רוהען איינמאָל אין דער וואָך. אָט צוליעב דעם איז עס איינגעריכטעט געוואָרען דער „שבת". מיט אַנדערע ווערטער: דער „שבת" איז עס דער הויפּט-סימבאָל[14]

---

מיט פיעל שאַרפערע אויסדריקע וועגען מאָנאָטעאיזם, האָבען אויך די תפלות פון די ימים-טובים. (ובכן תן פחדך...) און ווייל דער „שמע" איז עס ד'ר הויפּט-דעוויז פונ'ם מאָנאָטעאיזם, איז שוין קיין וואונדער ניט, וואָס דער יוד,— אלס ערשטער פערברייטער פון דער דאָזיגער לעהרע— האָט איהם אַזוי פערהייליגט. און דאָס איז אויך די סבה, וואָס דער יוד האָט אייביג— זאָגאַר אין די שרעקליכסטע מאָמענטען פון זיין לעבען— אויף דעם ברענענדיגען שייטער-הויפען (אויטאָ-דאַפע) און ביי די מערדערישסטע אינקוויזיציאָנס-מאַרטירערייען, וואו מ'האָט לעבעדיגערהייט פון איהם אָבגעשינדען די הויט, געריסען מיט גליהענדיגע צוואַנגען שטיקער פלייש פון זיין קערפּער און געבראָכען מיט האַמערס זיינע הענד, פיס און איבריגע איברים— אָט זאָגאַר אין אַ זעלכע שרעקליכע מאָמענטען פלעגט דער יוד אויך ניט פערגעסען אָגעשריי אויסצוגעבען זיין הייליגע פּאַראָלע: „שמע-ישראל!" דען דאָס איז ביים פאָלק ישראל מיט דער צייט אויך געוואָרען דער פּראָטעסט-געשריי פונ'ם הומאַנעם יודענטום געגען דעם מערדערישען הייד ענטום...

[14]) וועגען דעם אויסדרוק „עולם הבא" זעה ווייטער דאָס קאַפּיטעל „עולם הבא". אין אַלגעמיין, ערקלערט דער תּלמוד, אַז מיט דעם שבת האָבען די יודען בעקומען אַ זעהר גוטע מתנה פון גאָט. „מתנה טובה יש לי בבית גנזי „ושבת" שמה ואני מבקש לתנה לישראל" (שבת)—

כאַראַקטעריסטיש איז, אַז דעמזעלבען אויסדרוק „מתנה טובה", האָבען די חכמי-התלמוד אויך געבראויכט אויף דער צוקונפטס-וועלט, אויף דעם אַזוי גערופענעם „עולם הבא..." (מכילתא יתרו י')

פון די פרייע, סאָציאַלע לעבענס-פאָרמען, וועלכע די תורה האָט געשאַפען פאַר דעם פרייען מענש...

דאָסזעלבע ערקלערט אויסדריקליך דער תלמוד:

„די הייליגקייט פונ׳ם רוה-טאָג אין אונזער איצטיגער עפאָכע, איז אַ פאָרבילד און אַ מוסטער פון דער גליקליכער, פרייער, צוקונפט׳ס-וועלט”... — „קדושת שבת בעולם הזה מעין קדושת שבת העולם הבא”.[15] (מכילתא תשא—א)

און ווייל דער שבת איז עס דער פאָרפאָסטען... פון דער צוקונפטיגער וועלט-בעפרייאונגס-עפאָכע, איז ממילא שוין פערשטענדליך וואָס די חכמי-התלמוד האָבען ערקלערט, אַז:

„אין דער צוקונפטס-וועלט — אין דער עולם-הבא-צייט — וועלען אַלע מצות בטל ווערען, נור דער שבת וועט אייביג עקזיסטירען בלייבען”. „מצות בטלות לעתיד לבוא (נדה ס״א) ושבת אינה בטילה מישראל”. (מכילתא תשא—א)

דען דער רוה-טאָג איז פאַר יעדען איינציגען אינדיווידואום אַזוי נוצליך און וויכטיג, ווי די פרייהייטס-עפאָכע פאַר דער גאַנצער מענשהייט.

אָט אין דעם זין האָבען זיך עס די חכמי-התלמוד אויסגעדריקט וועגען דעם הויפט סאָציאַלען געזעץ, וועגען דעם רוה-טאָג „שבת”.

לויט דעמזעלבען יודישען סאָציאַלען געזעץ, האָבען אויף דער וועלט שטענדיג געמוזט צוויי זאַכען פריי בלייבען: דער מענש און די ערד... — יעדער יוד[16] האָט, לויט נעזעץ פון דער תורה אייביג געמוזט זיין אַ פרייער מענש, וועלכער האָט קיינמאָל ניט געטאָרט פערקויפט אָדער פערשקלאַפט ווערען צו אַ צווייטען, ווי עס פלעגט דאַן פאָרצוקומען ביי אַלע איברינע דאַמאָליגע פעלקער. די תורה מאָטיווירט דאָס דאָזיגע סאָציאַלע געזעץ מיט פאָלגענדער זעהר כאַראַקטעריסטישער ערקלערונג:

„די יודען געהערען דאָך מיר — דער גאָטהייט — אַלס קנעכט, און דעריבער, זאָגט גאָט, דאַרף מען עס זיי ניט פערקויפען, ווי די שקלאַפען”... —

---

15) דער מדרש ערקלערט עס זאָגאַר אויסדריקליך: „שבת שקולה כנגד כל התורה” (תנחומא תשא סוף ל״ט) — „דער שבת איז אַזוי וויכטיג ווי די גאַנצע תורה...”

16) איך זאָג „יעדער יוד,” ווייל אין דער אמת׳ן האָט די תורה, אַלס שעפפערין פונ׳ם מאָנאָטעאיזם, אַרויסגעגעבען די דאָזיגע סאָציאַלע געזעצען אויך נור פאַר די אָנהענגער פונ׳ם מאָנאָטעאיזם. און אַזוי ווי די יודען זיינען געוועהן די ערשטע פון אַלע פעלקער, וועלכע האָבען דעם מאָנאָטעאיזם אָנגענומען, האָט ממילא די תורה געמוזט זיי — די ערשטע פערברייטער פון איהר לעהרע — די יודען, ביי יעדער געלעגענהייט עמפאָרהייבען. זעלבסטפערשטענדליך, אַז מיט׳ן אָנגעהמען די מאָנאָטעאיסטישע לעהרע, האָבען די יודען אויף זיך אויך שוין גענומען דאָס געזעץ „וועגען דעם פרייען מענש.” דאַדורך פאַלט ממילא אָב די פראַגען פאַרוואָס די תורה האָט נור פערוועהרט דעם יוד צו פערקויפען זיך אַלס קנעכט, אָבער ניט דעם „ניט-יוד;” די תורה האָט פשוט געוואָלט דערמיט בעצוועקען, אַז די היידען (געצענדיענער) זאָלען זיך אָבזאָגען פון זייער היידענטום; דען מיט׳ן אָנערקענען די מאָנאָטעאיסטישע תורה מיט איהרע געזעצען, איז ממילא שוין יעדער געוועזענער היידע געוואָרן אַ פרייער, ניט-פערקויפבאַרער מענש. אָט דעריבער האָט עס די תורה ביי יעדען געזעץ דערמאָנט נור די יודען און ניט די היידען.

„כי לי בני ישראל עבדים וכו' ולא ימכרו ממכרת עבד"... (ויקרא כ"ה)

דער תלמוד ערקלערט דעם דאָזיגען מאָטיוו פון דער תורה נאָך דייטליכער און זאָגט אונסגעפעהר אַזוי: יעדער מענש איז דאָך אייגענטליך דער דיענער פון דער גאָטהייט, טאָ ווי קאָן זיך עס איין דיענער פערקויפען צו אַ צווייטען, וועלכער איז גאָר אַליין אַ דיענער?..[17]

דאָסזעלבע סאָציאַלע געזעץ געהט אויך אָן ביי די ערד; דאָס שטיקעל לאַנד, וואָס יעדער יוד האָט, לויט געזעץ, געמוזט האָבען פאַר זיך צו בעאַרבייטען, האָט קיינמאָל ניט געטאָרט און ניט געקאָנט פערקויפט ווערען צו אַ צווייטען; די תורה זאָגט וועגען דעם פאָלגענדעס:

„און אויך די ערד דאַרף קיינמאָל ניט פערקויפט ווערען צו אַ צווייטען; דען די ערד (איז ניט קיין פריוואַטע זאַך, מיט וועלכער מ'זאָל מעגען שאַכערן אהין און צוריק) נור זי געהער מיר — דער גאָטהייט"... — „והארץ לא תמכר לצמתת, כי לי הארץ"! (דאָרטזעלבסט ויקרא כ"ה)

די תורה האָט אָבער פאָראויסגעזעהן און טאַקי באַלד פערוואָרענט אויך דעם צווייטען פאַל: דהיינו, ווי וועט זיין, אַז עס וועט זיך פאָרט טרעפען דאָס איינער וועט פעראָרימט ווערען? למשל, אַז עם וועלען ביי איהם די געטריידען ניט געראָטען, אָדער זיי וועלען פערניכטעט ווערען פון אַ שרפה, דורך אַ פערפלייצונג, צי דורך אַ היישריק א. ז. וו. און דער מענש וועט דאַדורך אַריין אין אַזאַ לאַגע, דאָס ער וועט צומאָל צו עסען ניט האָבען — ווי די תורה דריקט זיך אויס: „כי לא יחדל אביון מקרב הארץ" — ביי אַזאַ פאַל איז די פפליכט פון יעדען איינציגען איהם, דעם געפאַלענעם, צו שטיצען מיט אַלעם מעגליכען. און די תורה זאָגט דעריבער צוויי מאָל אויסדריקליך: „וכי ימוך אחיך ומטה ידו עמך והחזקת בו וכו'" (ויקרא כ"ה) — „כי יהי' בך אביון וכו' פתוח תפתח את ידך לו" (דברים ט"ו). — „דיין געפאַלענעם זאָלסט דו אונבעדינגט שטיצען און פאַר דיין אָרימאַן זאָלסט דו די האַנד עפנען".

עס קאָן דאָך אָבער פאָרקומען, דאָס די דאָזיגע שטיצע האָט איהם אויך ניט געהאָלפען, און דער געפאַלענער איז נעבעך אַזוי פעראָרימט געוואָרען, דאָס ער האָט פאַר נויט געמוזט פערקויפען יענעם זיין שטיקעל ערד, אָדער גאָר אַ קינד זיינס, צו אפשר אַמאָל זיך אַליין גאָר — אָט צו אַזאַ פאַל האָט די תורה ספּעציעל איינגעריכטעט דאָס בעריהמטע סאָציאַל-יודישע „בעפרייאונגס-געזעץ", די אַזוי גערופענע „שמיטה".

די הויפּט-פונקטען פון'ם סאָציאַל-יודישען שמיטה-געזעץ זיינען אונסגעפעהר פאָלגענדע:

---

[17]) גענויערס וועגען דעם זעה קדושין כ"ב און בבא מציעה דף י: „עבדי הם ולא עבדים לעבדים". — האראַקטעריסטיש איז, אַז אויך דאָ ערקלערט די תורה: וזכרת כי עבד היית במצרים." (דברים ט"ו)

1) זעקס יאָהר מעג דער מענש בעאַרבייטען די ערד, און אין 7-טען יאָהר מוז ער זי לאָזען אויסרוהען;

2) זעקס יאָהר מעג דער מענש איינזאַמלען זיינע געטריידען און פרוכטען, און אין 7-טען יאָהר מוז ער אַלץ, וואָס ער האָט נור אָנגעזאַמעלט, אַרויסגעבען און פערטיילען אומזיסט פאַר אַלע;

3) אויב איינער איז שולדיג דעם אַנדערן אַ חוב, און איז פאַקטיש ניט אימשטאַנד געווען עס צו בעצאָהלען אין פערלויף פון 6 יאָהר, דאַן — ווען עס קומט דאָס 7-טע יאָהר, די „שמיטה" — פערליערט דער חוב זיין גילטיגקייט;

4) ווען איינער האָט פערקויפט זיינס אַ קינד, אָדער זיך אַליין אַלס קנעכט צו אַ צווייטען, דאַן האָט דער קויפער געמעגט בענוצען זיך מיט דעם געקויפטען דיענער נור ביז צום שמיטה-יאָהר, און אין שמיטה האָט ער איהם געמוזט גענצליך בעפרייען. חוץ דעם איז ער פערפליכטעט מיטצוגעבען דעם געוועזענעם קנעכט פון אַלעם גוטען: פון בהמות, געטריידען און פרוכטען. — „הַעֲנֵק תַּעֲנִיק לוֹ"... (דברים ט"ו)

5) יעדעס 7-טע שמיטה-יאָהר, דאָס הייסט יעדעס 49-טע יאָהר דער „יובל", האָט געבילדעט פון זיך אויך אַזאַ פרייהייטס-צייט, ווי די שמיטה, נור מיט אַ נאָך פיעל ברייטערער סאָציאַלער פּלאַטפאָרם; דען אין „יובל-יאָהר" האָט יעדער איינציגער, וואָס האָט נור אין פערלויף פון די 49 יאָהר געקויפט ביי אַ צווייטען לאַנד, געמוזט עס צוריק אומקעהרען צום פריהערדיגען אייגענטימער.[18]

ווי ווייט די תורה האָט ניט געוואָלט דערלאָזען, אַז איין מענש זאָל פערשקלאַפט ווערען ביים צווייטען, קאָן דיענען פאָלגענדעס חאַראַקטעריסטישע געזעץ:

די תורה ערקלעהרט, אַז אויב ס'וועט זיך אַמאָל טרעפען, דאָס אַ מענש, וואָס האָט זיך אין דער נויט געהאַט פערקויפט צו אַ צווייטען, וועט אין שמיטה-יאָהר טענה'ן, אַז איהם איז גאַנץ גוט צו דיענען ביי יענעם און ער וויל גאָר ניט אַוועקגעהן פון זיין „הער" — דאַן, זאָגט די תורה, מוז מען אַזאַ „פּאַרשוין" אָנלערנען אויף אייביג; און די תורה פעראָרדנעט צוצופיהרען דעם דאָזיגען „שקלאַף" צו דער טיר, און איהם, בפני קהל ועדה אויסבויערען אין לעפל פון זיין אויער אַ לאָך, אַלס אייביגער שאַנד-צייכען[19]) פאַר וועלען אַליין זיין פער-

---

[18]) עס איז דאָ ניט דאָס אָרט אַרומצורייידען ברייטער וועגען די דאָזיגע צווייטע שעהנע יודיש-סאָציאַלע פרייהייטס-איינריכטונגען, וועגען דער „שמיטה" און דעם „יובל". עס גענוגט נור צו זאָגען דאָס איינע, אַז די דאָזיגע איינריכטונגען, וועלכע זיינען נאָך געשאַפען געוואָרען מיט העכער פיער טויזענד יאָהר צוריק, מעגען אין מאַנכע הינזיכטען, דרייסט דיענען אַלס מוסטער נאָך פאַר דער מענשהייט פון אונזער איצטיגער עפּאָכע. — דער „ספרא" ערקלערט אויסדריקליך, אַז דאָס אַלץ איז נור איינגעריכטעט געוואָרען, כדי צו פּראָקלאַמירען פרייהייט פאַר דער מענשהייט. „וקראתם דרור: אין דרור אלא חירות"...

[19]) ווי בעוואוסט פלעגט מען פאַרצייטענס צו צייכנען שקלאַפען, אויסבויערנדיג אַ לאָך אין זייער אויער, נאָז אָדער ליפּען. און כדי עס זאָל ניט צוריק פערוואַקסען, פלעגט מען דורך דעם לאָך דורכציהען אַ רינג, אָדער אַריינשטעקען דערין אַ שטיקעל האָלץ, ביין אָדער מעטאַל. און דערפון שטאַמט עס טאַקי דאָס אויריגגעל, וואָס מ'טראָגט נאָך איצט.

שקלאַפט ביי יענעם...— די תּורה מאָטיווירט דאָס דאָזיגע מיט פאָלגענדער כאַראַקטעריסטישען מאָטיוו: „דער יוד דאַרף דאָך נור זיין מיינס אַ דיענער — (אַ דיענער פון דער גאָטהייט) אָבער ניט אַ דיענער ביי אַ דיענער"...— „כּי לי בני ישראל עבדים" — (ולא עבדים לעבדים...)

אָט דאָס זיינען עס אונגעפעהר די הויפּט-געזעצען פון „שבת", „שמיטה" און „יובל", אויף וועלכע די תּורה, די נביאים און דער תּלמוד האָבען — אַלס די פונדאַמענטאַלע סאָציאַלע-מצות — אַזוי פיעל געוויכט געלייגט, און זיי זיינען עס טאַקי דער יסוד פון דער גאַנצער סאָציאַל-יודישער משיח-אידעע, מיט וועלכער מיר וועלען זיך דאָ באַלד געגוי בעקאָנען.

דעם סאָציאַל-וועלטליכען משיח בעגריף קאָן מען, לויט יודישער מסורה, אַזוי אויפפאַסען:

„ פאַר זייער פערשוואַכען די געזעצען פון דער תּורה, וועלכע איז די ערשטע
„ וועלטס-לעהרע, וואָס האָט געוויזען דער מענשהייט דעם וועג, ווי אַזוי אויס-
„ צוואָרצלען פון זיך איהרע אוראַלטע פיזישע שקלאַפען-מנהגים, און אַבער-
„ גלויבישע גייסטיגע בעגריפען — און איבערהויפּט דאַפיר, וואָס די יודען האָ-
„ בען ניט אָבגעהיט זייערע סאָציאַלע געזעצען,[20] דעם „שבת", די „שמיטה"
„ און דעם „יובל", וועלכע זיינען די הויפּט-יסודות פון דעם פרייען מענש —
„ וועט עס די יודען תּחלת זעהר שלעכט דערגעהן אויף דער וועלט: זיי ווע-

[20]) אַז די יודען וועלען ליידען און וועלען פערלירען זייער זעלבסטשטענדיגקייט הויפּט-זעכליך נור דאַפיר, וואָס זיי האָבען ניט אָבגעהיט דעם יסוד פון די ביבלישע סאָציאַלע געזעצען: דעם שבת, שמיטה און יובל — דאָס ווערט אויסדריקליך אומעטום בעטאָנט. אַלס כאַראַקטעריסטיק וועל איך דאָ ברענגען איניגע ציטאַטען פון תּנ"ך און תּלמוד:

תּורה: „אז תּשבת הארץ והרצת את שבתותיה כּל ימי השמה" (ויקרא כ"ו) — „דענצמאָל, ווען איהר יודען וועט זיך שוין האָבען געגוג אָנגעליטען, וועט ערשט רעכט אויסרוהען אין שמיטה אייער ערד"...

נביאים: „כּה אמר ה': אנכי כּרתי ברית את אבותיכם לאמר: מקץ שבע שנים תּשלחו איש את אחיו" וכו' — ותשובו ותחללו את שמי — לכן הנני קרא לכם דרור אל החרב, אל הדבר ואל הרעב, ונתתי אתכם לזועה לכל ממלכות הארץ"... (ירמיהו ל"ד) —

אַזוי זאָגט גאָט צו די יודען: איך האָב דאָך געשלאָסען מיט אייערע עלטערן אַ בונד, אַז יעדעס זיבעטע יאָהר זאָלט איהר בעפרייען איינער דעם אַנדערן. און איהר האָט גאָר געגומען פערשוואַכען מיין נאָמען, ניט געבענדיג קיינעם קיין פרייהייט. דעריבער, זאָגט גאָט, וועל איך עס שוין אויף אייך אויסרופען „פרייהייט". עס וועט אָבער זיין אַנ'אַנדער מין פרייהייט — אַ פריי-הייט פאַר דער שווערד, פאַר דער פעסט און הונגער וועט עס זיין... און איך וועל אייך מאַכען צו שאַנד און צו שפּאָט צווישען די פעלקער פון דער ערד"...

כּתובים: „מה הדבר הרע הזה אשר אתּם עושים ומחללים את יום השבת? הלוא כּה עשו אבותיכם ויבא ה' עלינו את כּל הרעה הזאת ועל העיר הזאת"?... (נחמיה י"ג)

„פאַרוואָס יודען טהוט איהר אַזאַ שלעכטס — פרעגט נחמיה — און איהר פערשוואַכט אייער

„ לען פערליערען זייער זעלבסטשטענדיגקייט, וועלען פערטריבען ווערען פון
„ זייער לאַנד און וועלען אונטעריאָכט זיין אונטער אַנדערע פעלקער. אַם ענ-
„ דע אָבער וועלען דיזעלבע יודישע אונטערדריקער ווערען אַליין פון אַנדע-
„ רע אונטערדריקט און וועלען אויך באַרויבט ווערען פון זייער זעלבסטשטענ-
„ דיגקייט. גאָר צום סוף אָבער וועלען די פעלקער, פאַר זייער פייניגען די
„ יודען און אויך אַנדערע שוואַכערע נאַציאָנען, בעקומען זייער געהעריגע
„ בעלוינונג; זיי וועלען פערוויקעלט ווערען אין איין אַלגעמיינעם פעלקער-קריעג,
„ וועלכער וועט אָנמאַכען צווישען זיי די שרעקליכסטע חורבות און וועט
„ אַרויסרופען נאָך זיך מורא'דיגע פאָלגען: פעלקער וועלען אונטערגעהן,
„ לענדער וועלען חרוב ווערען, שטעדט וועלען פערניכטעט און פעלדער
„ פערוויסט זיין. און נאָכדעם, ווי די וועלט וועט זיך שוין האָבען געגוג אָנגע-
„ ליטען פון די בלוט-בעדער און פון דעם הונגער און פעסט, וואָס די מלחמה
„ וועט האָבען אַרויסגערופען, וועט די מענשהייט זיך ערשט באַזינען און וועט
„ נעמען איהרע אַמאָליגע פעהלער ווידער גוט מאַכען. (דאָס וועט געשעהען
„ ביים סוף פון 6-טען יאָהר-טויזענד, זייט די וועלט איז, לויט ביבעל-רעכנונג,
„ באַשאַפען געוואָרען). צוערשט וועלען די פעלקער שלום מאַכען צווישען
„ זיך אַליין, דאַן וועלען זיי שליסען איין בונד פון אַלע פעלקער צוזאַם,
„ דערנאָך וועלען זיי פערניכטען אַלע מיני קריגס-מכשירים, וועלען איינפיהרען
„ שטאָט „מאַכט און קראַפט" — „רעכט און גערעכטיגקייט", און וועלען אַנער-
„ קענען אַלע איין איינציגען גלויבען — דעם „גלויבען פון גערעכטיגקייט און
„ וואַרהייט"... די מענשהייט וועט ווערען פאָלשטענדיג גלייכבערעכטיגט און
„ דאַן ערשט וועט קומען דער אמת'ער פרידען אויף דער וועלט; אַלע
„ פערשקלאַפטע פעלקער, דאַרונטער אויך די יודען, וועלען אויפסנייע אויפ-
„ שטעהן תחיית-המתים און וועלען צוריקבעקומען זייער זעלבסטשטענדיגקייט.

---

רוה-טאָג, דעם שבת? ווייסט איהר דען ניט, אַז דאָס גאַנצע אומגליק, וואָס איז געקומען אויף אונז און אויף אונזער גאַנץ לאַנד איז אויך נור צוליב דעם, וואָס אייערע עלטערן האָבען דאָס-זעלבע געטהון"?..

תלמוד: „גלות בא לעולם על שמיטת הארץ" (אבות דר' נתן ל"ח אבות ה—ג „בעון השמטת שמיטין ויובלות גלות בא לעולם" (שבת ל"ג)

מכילתא: „אם תשמרו שבת תנצלו משלש פרעניות: מחבלו של משיח, ממלחמת גוג ומגוג ומיום דין הגדול"... (בשלח ה')

מדרש רבה: „אמר הקב"ה למשה: רצונך שלא יגלו בני-ישראל? — הזהירם על השמיטות ועל היובלות"... (בהר)

מדרש תנחומא: „אמר משה רבינו: רבונו של עולם! למה נמסרו ישראל למלכיות? אמר ליה מפני שהן מחללין את השביעית"... (תנחומא בהר)

תנא דבי אליהו: „אלמלי שמרו ישראל שתי שבתות כהלכתן מיד היו נגאלין"... (שם, גם שבת קי"ח)

פון די אַלע ציטאַטען זעהט מען, דוכט זיך גענוג דייטליך אַרויס, וואָס פאַר אַ גרויסען געוויכט אונזערע קדמונים האָבען עס געלייגט אויף די דאָזיגע יודיש-סאָציאַלע געזעצען.

„ און פון דאַן אָן וועלען זיך שוין די פעלקער לעבען רוהיג און זיכער, ניט
„ האָבענדיג מעהר קיין קנאה, שנאה און מלחמה-שרעק איינער איבערן צווייטען"...

דאָס אונסגעפעהר איז דאָס פראָגראַם פונ'ם סאָציאַל-וועלטליכען משיח
בעגריף, וועלכען די יודישע מסורה האָט אונז איבערגעגעבען.[21]) דיביידע
משיח-בעגריפען אונטערשיידען זיך הויפּטזעכליך נור אין דעם: דער רעליג
יעז-נאַציאָנאַלער משיח-בעגריף הענגט אָן די סבה פונ'ם
אַנצען וועלט-קריגס-אויסברוך און פון וועלטס-פרידען
ור אין זכות פון דער יודישער אומה,[22]) און דער סאָציאַל-
ועלטליכער משיח-בעגריף פערבינדעט דאָס אַלץ מיט דער

---

[21]) געגליערס וועגען דעם זעה ווייטער דאָס קאַפּיטעל „דער וועלט-פריעדען"; וועגען דעם
רינציפּ פון „רעכט און גערעכטיגקייט" — זעה הושע ב': „וארשתיך לי בצדק ובמשפט"; וועגען
גלויבען פון וואהרהייט" — זעה זכריה ח': ואני אהי' להם לאלהים באמת ובצדקה"... וועגען פער-
יכטען קריגס-מכשירים — זעה ישעיה ב' און מיכה ד': „וכתתו חרבותם לאתים וכו'"; וועגען
עלקער-בונד — זעה הושע ב': „וכרתי להם ברית-עם"; וועגען גלייכבערעכטיגונג פון אַלע מענ-
שען — זעה יואל ג': „וגם על העבדים ועל השפחות בימים ההמה אשפוך את רוחי"... — זעה אויך
ווייטער דאָס קאַפּיטעל „תחיית המתים" און „עולם הבא."

[22]) מען דאַרף ניט בעטראַכטען די דאָזיגע מיינונג פאַר עפּעס אַ איבערטריבענע שאָוי-
ניסטישע פאַנטאַזיע; דען צו קלוג זענען אונזערע חכמים געווען, אַז זיי זאָלען אַ זעלכעס זיך
אויסערן נור אין אַבערגלויבישען זין — די חכמי התלמוד האָבען מיט די אַרט אויסערונגען גע-
מיינט צו בעטאָנען, אַז נור דער „יודישער מאָנאָטעאיזם", איז עס די הויפּט-סבה, וועלכע האָט
ענומען אויסאיידלען די גאַנצע מענשהייט פון אַלע איהרע גראָבע זיטען און פרינציפּען, און אַ
די אונגערעכטיגקייטען, וועלכע די פעלקער זיינען באַגאַנגען געגען יודישען פאָלק, צונעמענדיג
בייא איהם זיין זעלבסטשטענדיגקייט, און אונטערדריקענדיג איהם און פערפאָלגענדיג איהם אין
עדען לאַנד בעזונדער — אָט אַז דאָס אַלץ איז עס די הויפּט-סבה, וואָס אויך אַלע איבריגע אונטער-
ריקטע און בעדראָהטע פעלקער וועלען אַ מאָל זיך פעראייניגען צום אַלגעמיינעם פּראָטעס געגען
ייערע פערשקלאַפער און אַז דער דאָזיגער וועלטס-פּראָטעסט וועט עס פעראורזאַכען נאָך זיך
עם וועלטס-פרידען. .

דער מדרש ערקלערט עס זאָגאַר אויסדריקליך:

דאָס יודישע פאָלק — זאָגט דער מדרש — ווערען דאַפיר אָנגערופען „שולמית", ווייל עס איז
אַ פאָלק, וועלכעס האָט גאַנץ געמאַכט ביידע וועלטען, די איצטיגע און די קומענדיגע...
(שלם הייסט אין העברעאישען גאַנץ); עס איז אויך אַ פאָלק, וועלכעס האָט געבראַכט דער וועלט
אַלדעס גוטס, דען עס האָט פרידען געמאַכט צווישען דער גאָטהייט און דער מענשהייט...
(שלם הייסט אויך פריעדען).

„השולמית: אומה שמשלמת איסטטונו של עולם הן בעולם חזה וחן בעולם הבא; אומה
שכל הטובות שבאות לעולם באות בזכותה אומה שעשתה שלום ביני ובין עולמי" (מדרש רבה
שיר השירים)

אָט דאָס איז עס דער זין פון די אַלע תלמודישע לויב-אויסערונגען אויף יודען.

געשיכטליכער ענטוויקלונג פון אַלע נאַציאָנען און ממילא אויך פון דער יודישער אומה.[23]

אין אַלגעמיין אָבער, האָבען די ביידע משיח-בעגריפען אַ שטאַרקען צו-זאַמענהאַנג צווישען זיך, דען ביידע זאָגען זיי דער וועלט פאָראויס, אַז איהר אַלטע אָרדנונג מוז סוף כּל סוף אונטערגעהן און, אַז אַם ענדע וועט די מענשהייט פּאָרט געצוואונגען זיין אַראָבצוווארפען פון זיך די אור-אַלטע פעררָאסטע שקלאַפען-קייט, מיט וועלכער זי איז אַזוי לאַנג פיזיש און גייסטיג געשמיעד געווען...

V.

# די נְבִיאִים אַלס שעפּפער פון דער מָשִיחַ-אידעע.

די משיח-אידעע האָט אין דער יודישער ליטעראַטור צווייערליי פעריאָדען: אַ ענטשטעהונגס-פעריאָדע און אַ ענטוויקלונגס-פעריאָדע. די ענטשטעהונגס-פעריאדע הויבט זיך אָן פון די נביאים — די ענטוויקלונגס-פעריאָדע פון די חכמי-התלמוד.

---

לעבענדיג אין דער צייט, אין וועלכער דער פונדאַמענט פון דעם מעכ-טיגען „קעניגרייך יהודה” האָט אָנגעהויבען שוין אַביסעל זיך צו וואַקלען, ווען פערשידענע פרעמדע הערשער האָבען גענומען זיך אַרומרייסען איבער דער אויבערהערשאַפט פון ארץ ישראל — האָבען די נביאים, אַלס די דאַמאָליגע גייסטיגע פאָרשטעהער פון די יודען, גענומען זוכען די סבה, וועלכע האָט עס אַזוי שטאַרק געקאָנט ווירקען, אַז דאָס אָנזעהען און די מאַכט פון זייער פאָלק זאָל מיט אַמאָל אַזוי זעהר אָבגעשוואַכט ווערען. און, נאָכזוכענדיג אַזוי נאָך דער אורזאַכע דערפון, קומען זיי, די גרויסע מענשען-קענער און בעריהמטע פעלקער-פסיכאָלאָגען, צו דער פעסטעסטער איבערצייגונג, אַז דער צערפאַל פונ'ם יודי-שען רייך נעמט זיך נור דערפון, וואָס אינערליך, צווישען פאָלק אַליין, איז די איינהייט צערפאַלען; דער „שטאַרקער” בעקעמפט אַלץ דעם „שוואַכערן”, דער „רייכער” אונטערדריקט דעם „אָרימערן”, דער „פּריווילעגירטער” (דער יחסן) פערשטויסט אַלץ דעם „פּשוט'ען” און דער גערעכטער (דער צדיק) מוז בויגען זיין קאָפּ פאַר דעם אומגערעכטען. (פאַר דעם רשע)

אָט פון דעם דאָזיגען קאַמפּף — פונ'ם קאַמפּף פון יחיד געגען יחיד — זעהען זיי, די נביאים, ווי עס קומט אויך אַרויס די שנאה פון פאַמיליע צו פאַמיליע, וועלכע פערשאַרפט זיך אַלץ בּסדר און טראָגט זיך אויך אַריבער פון גרופּע צו

---

[23]) זעה ווייטער אין קאַפּיטעל „תלמודישע אויפקלערונגען וועגען „משיח” דעם אויסדרוק: „בתחלה משיש את אחרים ואחר כך את ישראל”... און דעם אויסדרוק „עתידים כל האומות להביא הם בעצמם דורונות למלך המשיח וכו'”...

גרופּע און פון שטאַם צו שטאַם. זעלבסטפערשטענדליך, אַז אַזאַ אינער־ליכער קאַמפּף אין פאָלק גופא, שפּיגעלט זיך דייטליך אָב אויך אויסערליך פון איהם, און ממילא איז שוין קיין וואונדער ניט, וואָס דער שונא בעקומט מיט אַמאָל מוטה און דרייסטקייט אָנצוגרייפען מיט אַזאַ פערביסענקייט דאָס אַזוי אָנגעזעהענע און מעכטיגע קעניגרייך יהודה. — אָט אויף דעם בערוהט עס דער הויפּט-מוסר פון די נביאים צו די יודען.

און אַזוי הערען מיר, ווי ישעיה הנביא לאָזט דאָס ערשטע הערען זיין מעכטיגע פּראָפעטען-שטימע צום פאָלק ישראל מיט פאָלגענדע שטראָף-רייד:

„וואָס טויגען מיר דען — זאָגט גאָט — אייערע פיעל קרבנות? ווען איהר וועט זאָגאַר נאָך מעהר מתפלל זיין און בעטען, וועל איך אויך ניט הערען. אייערע הענד זיינען דאָך פול מיט בלוט!.. וואַשט אייך אָב!.. מאַכט אייך ריין!.. נעמט אַוועק אייערע שלעכטע טהאַטען פון מיינע אויגען! הערט אויף שלעכ־טעס צו טהוען! לערנט אייך זיך אויסצובעסערן! זוכט נאָך די גערעכטיגקייט, בעגליקט צוריק דעם בּאַרויבטען, משפט עהרליך דעם יתום, נעמט זיך אָן פאַר דער אלמנה א. ז. וו.״

„לָמָּה לִּי רֹב זִבְחֵיכֶם? — יֹאמַר ה׳ — גַּם כִּי תַרְבּוּ תְפִלָּה אֵינֶנִּי שֹׁמֵעַ. יְדֵיכֶם דָּמִים מָלֵאוּ! רַחֲצוּ! הִזַּכּוּ! הָסִירוּ רֹעַ מַעַלְלֵיכֶם מִנֶּגֶד עֵינָי! חִדְלוּ הָרֵעַ! לִמְדוּ הֵיטֵב: דִּרְשׁוּ מִשְׁפָּט, אַשְּׁרוּ חָמוֹץ, שִׁפְטוּ יָתוֹם, רִיבוּ אַלְמָנָה וכו׳. (ישעיה א׳)

דאָסזעלבע טהוט אויך ירמיה הנביא, און בּאַלד אין אָנהויב פון זיינע שטראָף-רייד צו זיין פאָלק, שטעלט ער זיך אַוועק און פרעגט זיך אַליין פער־ביטערט און פערוואונדערט:

„צו איז דען ישראל אַ שקלאַף? אָדער צו איז ער אַלס שטובען-קנעכט גע־בּוירען, וואָס ער איז מיט אַמאָל אַזוי צו רויב און צו שפּאָט געוואָרען? — אָבער וואָס פאַר אַ וואונדער איז עס דען: אַז מ׳טרעט אָב פונ׳ם איינציגען גאָט (פון דער מאָנאָטעאיסטישע לעהרע) און מ׳מאַכט זיך אַלס גאָט אַ פעטיש פון האָלץ און פון שטיין, און מ׳זאָגט נאָך צו איהם: „דו ביסט עס מיין פאָטער און דו האָסט עס מיך גאָר בּאַשאַפען״. און דערצו האָט מען אויך פערבלוטיגטע הענד פון אָרימע, שוואַכע און אונשולדיגע נפשות״...

„הַעֶבֶד יִשְׂרָאֵל? אִם יְלִיד בַּיִת הוּא? מַדּוּעַ הָיָה לָבַז? וכו׳ — אֹמְרִים לָעֵץ: „אָבִי אַתָּה״, וְלָאֶבֶן: אַתְּ יְלִדְתָּנִי וכו׳. גַּם בִּכְנָפַיִךְ נִמְצְאוּ דַּם נַפְשׁוֹת אֶבְיוֹנִים נְקִיִּים... וכו׳״. (ירמיה ב׳—פסוק י״ד, כ״ז, ל״ד)

און אין דעמזעלבען זין שטראָפען אויך אַלע איבריגע נביאים [24]) דאָס פאָלק ישראל.

און וואָס מעהר עס פערגרעסערט זיך די אונגערעכטיגקייט אין יהודה, אַלץ שאַרפער ווערט דער מוסר-טאָן פון די נביאים און אַלץ מוֹרא׳דיגער די

[24]) זעה וועגען דעם אויך יחזקאל ה׳ פסוק ז. הושע א׳ פסוק ב׳. יואל א׳ און עמוס ה׳.

שטראָף, וואָס זיי זעהען אָנקומען אויף די יודען. און אַזוי זעהען זיי: ווי דאָס יודישע קעניגרייך צערפאַלט זיך, ווי דער שונא רייסט זיך אַריין אין לאַנד, ווי ער פערוויסט די פעלדער, מאַכט חרוב די שטעדט, מאָרדעט אויס פיעל איינוואוינער פון זיי, פיהרט אַוועק אין געפאַנגענשאַפט די בעסטע מענשען, און פערקויפט זיי אַלס שקלאַפען און קנעכט. — און אַזוי זעהען די נביאים אויך ווייטער, ווי די יודען ווערען פון זייערע זיעגער געפייניגט, ווי מ'בעגעהט זיך מיט זיי אונמענשליך און מערדערליך און ווי מ'טרייבט זיי פון איין גלות-לאַנד צום צווייטען א. ז. וו. — זעהענדיג דאָס אַלץ אַזוי דייטליך פאָראויס, הענגען עס די נביאים אָן, נור אָן די פאָראויסזאָגונגען פון דער תורה, אָן די בעוואוסטע „תוכחה-רייד", וועגען וועלכער מיר האָבען שוין פריהער דערמאַנט.

אָבער גראָד ווי די תורה האָט די יודען, נאָך די דאָזיגע שרעקליכע פאָראויסזאָגונגען, צוריק אויפגעמונטערט און אַריינגעגעבען אין זיי אויפסניי מוטה, טרייסט און האָפנונג אויף בעסערע צייטען — אַזוי האָבען עס אויך די נביאים געמאַכט; און כמעט באַלד, נאָך יעדער טרויריגער מוסר-פרעדיגט, הערען מיר שוין דעם נביא'ס וואונדערפאָללע טרייסט-ווערטער און אויפמונטערונגס-רעדע געשילדערט אייביג אין די שענסטע פאָעטישע האָפנונגס-צוזאָגען אויף אַ גליקליכערע צוקונפט... אָט פון די אַלע אַרט פאָראויסזאָגונגען פון די נביאים וועגען פאָלק ישראל, איז עס ענטשטאַנען די בעוואוסטע יודישע משיח-אידעע, וועלכע איז ממילא געוואָרען אַ אידעע פון אַ בעסערע צוקונפט אויך פאַר אַלע איבריגע פעלקער פון דער ערד.

דען, אָבפאַרטיגענדיג זיך מיט'ן מוסר און מיט די פאָראויסזאָגונגען פאַר די יודען, ווענדען זיך די נביאים זיך באַלד אום אויך צו די יודישע אונטערדריקער און נעמען אָנזאָגען אויך פאַר זיי אַ ביי-זען סוף — און, נאָכדעם ווי די נביאים האָבען שוין אַזוי „אָבגע'משפט" אויך די יודישע אונטערדריקער, הויבען זיי מיט אַמאָל גאָר אָן צו שטראָפען אויך די אונטערדריקער פון די יודישע אונטערדריקער און פראָפעצייהען אויך פאַר יענע אַ זעהר טרויריגעס ענדע.

און אַזוי ענטוויקעלט זיך דאָס נבואה-סיסטעם כסדר, און ריכטעט זיך עוואָלוציאָנס-אַרטיג (ענטוויקלונגס-מעסיג) פון איין פאָלקס-אונטערדריקער צום צווייטען, פון צווייטען צום דריטען און אַזוי ווייטער[25], ביז די נבואה קומט צו צו דעם קולמינאַציאָנס-פונקט (הויפט-פונקט) פון אַלע פעלקער-אונטערדריקונגען. און דאָ דערגרייכט ערשט די נבואה

[25]) די שטופּענווייזע ענטוויקלונג פון דער נבואה פון איין פאָלקס-אונטערדריקער צום צווייטען א. ז. וו. געפונען מיר כמעט ביי אַלע נביאים:

ישעיה: משא בבל (י"ג), משא מואב (ט"ו), משא דמשק, משא מצרים, משא צור א. ז. וו.

ירמיה: למצרים (מ"ו), לפלישתים (מ"ז), למואב, לעמון, לקדר, לבבל, לכשדים. א. ז. וו.

יחזקאל: לעמון (כ"ה), לצור, למצרים, לשעיר א. ז וו. זעה אויך עמוס א' אין די איבריגע נביאים.

איהר העכסטע שטופע... דען דאָ ווייזט זיך דייטליך אויף, אַז פון די אַלע געגענזייטיגע פעלקער-אונטערדריקונגען [26]), מוז אונבעדינגט אין דער נשמה פון די נאַציאָנען זיך אַריינכאַפּען אַ גליהענדיגער פונק פון אייביגער קנאה און שנאה, וועלכער וועט זיכער דער וועלט קיין גוטס ניט ברינגען. און אַזוי זעהען די נביאים דייטליך פאָראויס, ווי דער דאָזיגער קנאה-פונק, וועלכער האָט דוכט זיך תחלת געברענט אין יעדען פאָלק בלויס ווי אַ קליין פייערל, ווי ער ענטוויקעלט זיך באַלד אין אַ פלאַקער, ברעכט שפּעטער אויס אין אַ מורא'דיגען בראַנד און פערוואַנדעלט זיך אַם ענדע אין אַזאַ שרעקליכער וועלטס-קאַטאַסטראָפע, וועלכע די מענשהייט האָט נאָך קיינמאָל ניט מיטגעמאַכט. און וועגען דער דאָזיגער מורא'דיגער קאַטאַסטראָפע, וועלכע די נביאים האָבען שוין אַזוי פריה און דייטליך פאָראויסגעזעהען, וויל איך דאָ גענויערעס ערקלערען.

---

# VI.

# די נביאים וועגען וועלט-קריעג.

די צייט, אין וועלכער דער פעלקער-נייד, פעלקער-האַס און פעלקער-קאַמפף וועלען צוקומען צו זייער געפעהרליכסטער שטופע, און די פעריאָדען, וועלכע וועלען דאַדורך שפּעטער ענטשטעהן — אָט די גאַנצע עפּאָכע ווערט, לויט שפּראַך פון די נביאים, אָנגערופען „אחרית-הימים" (דער סוף פון די יאָהרען), אָדער „עת-קץ" (די ענד-צייט). מאַנכמאָל זאָגען זיי סתם „ביום ההוא" (אין יענעם טאָג) ס'רוב אָבער בענוצען זיי זיך מיט'ן אויסדרוק „אחרית-הימים".

דעם דאָזיגען אויסדרוק, אַלס פּראָפעטישע בעצייכנונג אויף אַ צוקונפטיגע נייע עפּאָכע, האָבען די נביאים געוויס גענומען פון דער תורה; דען מיט איהם האָט זיך נאָך בענוצט יעקב אבינו [27]), בעת ער האָט פאָראויסגעזאָגט זיינע קינדער פאַר זיין טויט; דעמזעלבען אויסדרוק האָט אויך געברויכט בלעם [28]), זאָגענדיג זיינע בעוואוסטע נביאות אויף יודען; און דעם אייגענעם נאָמען האָט אויך אָ-געווענדט משה רבינו [29]), מוסר'נדיג דאָס פאָלק ישראל און פּראָפעצייענדיג איהם וועגען זיין צוקונפט.

בכלל אָבער, האָבען די נביאים וועגען יענער קומענדיגער, מורא'דיגער

---

[26]) זעה ירמיה כ"ה פסוק ל"ב דעם פּראָפעטישען זאַץ: „הנה רעה יוצאת מגוי אל גוי וכו'"... „און אַ אומגליק וועט אַרויס פון איין פאָלק צום אַנדערן"...

[27]) „ויקרא יעקב אל בניו ויאמר: האספו ואגידה לכם את אשר יקרא אתכם „באחרית הימים". (בראשית מ"ט)

[28]) לכה איעצך אשר יעשה העם הזה לעמך „באחרית הימים". (במדבר כ"ד)

[29]) „בצר לך ומצאוך כל הדברים האלה „באחרית הימים". (דברים ד') וקראת אתכם הרעה באחרית הימים" (דברים ל"א)

עפּאָכע — וועגען דעם אַמאָליגען וועלט־קריג — זעהר פּיעלעס פאָראויסגעזאָגט.

אַלס האַראַקטעריסטיק וועל איך דאָ ברינגען די הויפּט־אויסציגע פון די נביאי'שע פאָראויסזאָגונגען וועגען דער וועלט־קריגס־צייט.

ישעיה הנביא זאָגט פאָלגענדעס פאָראויס:

„און גאָט וועט ענטפעלקערן די ערד און וועט זי פערוויסטען. ער וועט פער־קרומען איהר אויסזעהען און וועט איהר איינוואוינער צושפּרייטען א. ז. וו. און דער „הייליגער" וועט ווערען ווי דער „געוועהנליכער" פון פאָלק, דער „הער", ווי דער „קנעכט" און די „הערךין" ווי איהר „דיענסט־מויד"... א. ז. וו. די וועלט וועט דאַן אויסגעמאַטערט און פערשמאַכט ווערען און מיט איהר אויך די איינוואוינער איהרע. דאָס אַלץ וועט די מענשען קומען דאַפיר, ווייל זיי זיינען היגטערגאַנגען די לעהרען, האָבען פערביטען די געזעצען און האָבען צושטערט דעם וועלטס־בונד.. דעריבער וועט אַ קללה פערצעהרען די ערד און עס וועלען צוגרונד־געהן איהרע איינוואוינער. און פערשטערט וועט ווערען די פרייד און פערשטויסען וועט זיין די שמחה פון דער ערד. און אַ מורא'דיגע שרעק וועט דיך באַפאַלען, דו איינוואוינער פון דער וועלט"...

„הנה ה' בוקק הארץ ובולקה, ועוה פניה והפיץ יושביה; והיה כעם ככהן, כעבד כאדוניו, כשפחה כגבירתה וכו', הבוק תבוק הארץ, והבוז תבוז וכו'. אבלה נבלה הארץ, אמללה נבלה תבל, אמללו מרום עם הארץ. והארץ חנפה תחת יושביה; כי עברו תורות, חלפו חוק, הפרו ברית־עולם... על כן אלה אכלה ארץ ויאשמו יושבי בה וכו'. ערבה כל שמחה, גלה משוש הארץ וכו' — פחד, ופחת ופח עליך יושב הארץ וכו'"... (ישעיה כ"ד)

ירמיהו הנביא שילדערט די וועלט־קריגס־צייט אויף פאָלגענ־דער אַרט:

„אַזוי זאָגט גאָט, דער הערר פון די אַרמעען: אַ אומגליק וועט אַרויס פון איין פאָלק צום אַנדערן און אַ שרעקליכע קאַטאַסטראָפע וועט אויסברעכען פון אַלע עקען ערד. און די ערמאָרדעטע פון גאָט וועלען דאַן צושפּרייט זיין פון איין עק ערד ביז צו דער אַנדערער; מ'וועט זיי ניט באַטרויערן, מ'וועט זיי ניט צונויפזאַמלען און אויך ניט באַגראָבען — ווי מיסט אויף דער ערד וועלען זיי געגליכען זיין"...

„כה אמר ה' צבאות: הנה רעה יוצאת מגוי אל גוי, וסער גדול יעור מירכתי ארץ. והיו חללי ה' ביום ההוא מקצה הארץ ועד קצה הארץ — לא יספדו, ולא יאספו ולא יקברו. לדומן על פני האדמה יהיו וכו'" (ירמיה כ"ה—ל"ב)

יחזקאל הנביא שטעלט דעם וועלט־קריג אַזוי פאָר:

„אין יענעם טאָג [30]), ווען גוג פון מגוג וועט צונויפזאַמלען זיינע פערבינדעטע מלוכות צו דער וועלטס-מלחמה, און וועט שוין האַלטען ביי ארץ ישראל, דאַן — זאָגט גאָט — וועט מיין צאָרן דערגרייכען די העכסטע שטופע און מיין נקמה וועט זיך צופלאַקערן ווי אַ ברענענדיג פייער. אין יענעם טאָג וועט אויף דער יודישער ערד פאָרקומען אַ מורא׳דיגער רעש. און עס וועלען ציטערן די „פיש פון ים"... די „פייגיל פון הימעל"... די „חיות פון פעלד"... די „ווערעם פון דער ערד"... און די איבריגע מענשהייט פון דער וועלט. בערג וועלען דאַן איינגעריסען ווערען, הויכע טורעמס וועלען איינפאַלען און פעסטע מויערן וועלען צו דער ערד זינקען... און איך — זאָגט גאָט — וועל דאַן אַרויסרופען אויף אַלע מיינע בערג געגען „גוג׳ן" די שווערד — אַ שווערד פון ברודער געגען ברודער וועט עס זיין... און איך וועל זיך מיט איהם אָברעכענען מיט מגפות און מיט בלוט, מיט אַ רעגען פון פערפלייצונג און מיט אַ האָגעל פון שטיינער. און כ׳וועל מאַכען „רעגנען" אויף איהם, אויף זיינע אַרמעען און אויף אַלע מיט איהם פערבינדעטע פעלקער אַ „רעגען" פון פייער מיט שוועבעל... און דאַן וועל איך אַרויסשלאָגען דעם בויגען פון דיין לינקער און די פיילען פון דיין רעכטער האַנד—און דו, „גוג פון מגוג", וועסט פאַלען צוזאַמען מיט דיינע אַרמעען און מיט אַלע דיינע פערבינדעטע נאַציאָנען"...

„והי׳ ביום ההוא, ביום בוא גוג על אדמת ישראל — נאם ה׳ — תעלה חמתי

---

[30]) וועגען דעם נאָמען „גוג ומגוג" זעה ווייטער (אין קאַפּיטעל „תלמודישע אויפקלערונגען וועגען משיח") דעם אויסדרוק פון מדרש: „גוג ומגוג הם שבעים אומות העולם"... און דעם תלמודישען זאַץ: „בקש הקב"ה לעשות חזקיה משיח וסנחריב גוג ומגוג"... בכלל אָבער שילדערט יחזקאל וועגען וועלט-קריעג געגנוי און האַראַקטעריסטיש אין קאַפּיטעל ז׳. ער זאָגט דאָרט אונסגעפעהר פאָלגענדעס פאָראויס:

„אַזוי זאָגט גאָט: אַ אומגליק, שוין איינמאָל אַ אומגליק, קומט אָן. אַ ענדע קומט אָן — עס קומט אָן דער קץ, וועלכען גאָט האָט געגען דיר ,מענש, ערוועקט. — עס קומט אָן אויף דיר-וועלטס-איינוואוינער, דיין שלעכטער גורל א. ז. וו. עס קומט אָן די צייט פון מיין צאָרן געגען אַלע — אַ צייט, אין וועלכער די שווערד וועט בושעווען פון דרויסען, און דער הונגער מיט דער פעסט פון אינווייניג; דער פון פעלד וועט דורך דער שווערד פאַלען, און די איינוואוינער פון די שטעדט וועלען פון הונגער און פון קראַנקהייטען פערטיליגט ווערען א. ז. וו. דאָס אַלץ וועט זיי קומען דאַפיר, ווייל די וועלט איז פול מיט בלוט-געריכטע... און יעדע שטאָדט — מיט רויב... א. ז. וו. און איך וועל ברינגען שלעכטע פעלקער, וועלכע וועלען זייערע הייזער ירש׳נען און כ׳וועל צעברעכען דעם שטאָלץ פון די „שטאַרקע"... אין יאָמער-געשריי וועט דאַן אָנקומען אויפ׳ן צווייטען און איין טרויריגע נאַכריכט וועט אַלץ איבערשטייגען די אַנדערע"... א. ז. וו.

„כה אמר ה׳: רעה אחת רעה הנה באה. קץ בא, בא הקץ. הקץ אליך. הנה באה. באה הצפירה אליך יושב הארץ וכו׳. החרב בחוץ והדבר והרעב מבית; אשר בשדה בחרב ימות, ואשר בעיר רעב ודבר יאכלנו וכו׳... והבאתי את רעי גוים וירשו את בתיהם, והשבתי גאון עזים וכו׳ — הוה על הוה תבוא, ושמועה אל שמועה תהיה וכו׳"...

באפי, ובקנאתי באש עברתי. ביום ההוא יהי' רעש גדול על אדמת ישראל. ורעשו מפני „דגי הים", ו„עוף השמים", ו„חית השדה", וכל „רמש על האדמה" וכל האדם, ונה רסו ההרים, ונפלו המדרגות, וכל חומה לארץ תפול. וקראתי עליו לכל הרי חרב — נאם ה' — חרב איש באחיו תהי'... ונשפטתי אתו בדבר, ובדם, וגשם שוטף, ואבני אלגביש; אש וגפרית אמטיר עליו, ועל אגפיו, ועל עמים רבים אשר אתו. והכתי קשתך מיד שמאלך, וחיצך מיד ימינך אפיל. על הרי ישראל תפול אתה וכל אגפיך, ועמים רבים אשר אתך וכו'"... (יחזקאל ל"ח גם ל"ט)

הושע הנביא ערקלערט וועגען וועלט-קריג פאָלגענדעס:

„הערט אויס, איהר יודען גאָט'ס וואָרט! — אַ שטרייט האָט גאָט מיט די איינוואוינער פון דער ערד: דען עס איז מעהר ניט פּאַרהאַן אויף דער וועלט ניט קיין וואהרהייט, ניט קיין גנאַדע און ניט קיין פערשטענדניש פון גאָט...— פאַלש-שווערען, ליגענס-זאָגען, מאָרדען, גנב'נען און זיטען-פערברעכענס — אָט דאָס אַלץ מעהרט זיך כסדר, אַזוי, אַז בלוט בעגעגנעט זיך נור מיט בלוט... דעריבער וועט עס פּערוויסט ווערען די ערד און אויס געמאַטערט ווערען אַלע איהרע איינוואוינער ווערען" א. ז. וו.

„שמעו דבר ה' בני ישראל! כי ריב לה' עם יושבי הארץ, כי אין אמת, ואין חסד ואין דעת ה' בארץ; אלה, וכחש, ורצוח, וגנוב, ונאוף פרצו — ודמים בדמים נגעו... על כן תאבל הארץ, ואמלל כל יושב בה וכו' (הושע ד')

יואל הנביא אויסערט זיך וועגען וועלט-קריג אַזוי:

אין יענע טעג — זאָגט גאָט, — און אין יענער עפּאָכע, אין וועלכער איך וועל געהן אויפסנייער אומקעהרען די געפאַנגענע פון יהודה און ירושלים — וועל איך צוערשט צונויפזאַמלען אַלע פעלקער פון דער ערד און כ'וועל זיי אַראָבפיהרען צום „געריכטס-טהאָל"... וואו כ'וועל זיך מיט זיי אָברעכענען פאַר מיין פאָלק, וועלכעס זיי האָבען צווישען די פעלקער צושפּרייט און פאַר מיין לאַנד, וואָס זיי האָבען צווישען זיך פערטיילט... א. ז. וו. — רופט פאָלגענדעס אויס צווישען די פעלקער: „בערייטעט אייך פאַר צום קריג! וואַכט אויף איהר העלדען! זאָלען קומען און צוטרעטען אַלע קריגס-פעהיגע מענשען!.. שמידעט אום אייערע קאָסעס אויף שווערדען און אייערע שניטער-מעסערס אויף שפּיזען... און זאָגאַר יעדער שוואַכער וועט מוזען זאָגען: כ'בין גענוג שטאַרק"...

„כי הנה בימים ההמה ובעת ההיא, אשר אשיב את שבות יהודה וירושלם, וקבצתי את כל הגוים אל „עמק-יהושפט"... ונשפטתי עמם שם על עמי ונחלתי ישראל, אשר פזרו בגוים ואת ארצי חלקו וכו'. קראו זאת בגוים: קדשו מלחמה! העירו הגבורים! יגשו יעלו כל אנשי-מלחמה! כותו אתיכם לחרבות ומזמרותיכם לרמחים... — החלש יאמר: גבור אני וכו'. (יואל ד—א)

מיכה הנביא הויבט זיין נביאות מיט פאָלגענדע ווערטער אָן:

„הערט אויס, איהר פעלקער אַלע, פערנעם דו ערד מיט די איינוואוינער פון דיר און זאָל גאָט אייער עדות זיין. דען אַרויסגעהן וועט גאָט פון זיין אָרט און וועט אַראָבנידערן און אַריבערטרעטען איבער די „הויכקייטען" פון דער ערד... און עס וועלען דאַן הינטער איהם „צושמאָלצען" ווערען די „בערג"... און די „נידריגונגען" וועלען זיך „צושפאַלטען"... — ווי וואַקס פאַר פייער און זי וואַסער ביי וואַסערפאַל וועלען זיי זיך צוגיסען"...

„שִׁמְעוּ עַמִּים כֻּלָּם, הַקְשִׁיבִי אֶרֶץ וּמְלֹאָהּ וִיהִי ה' בָּכֶם לְעֵד וכו'. כִּי הִנֵּה ה' יוֹצֵא מִמְּקוֹמוֹ, וְיָרַד וְדָרַךְ עַל „בָּמֳתֵי אָרֶץ"... וְנָמַסּוּ „הֶהָרִים" תַּחְתָּיו... וְ„הָעֲמָקִים" יִתְבַּקָּעוּ... כַּדּוֹנַג מִפְּנֵי אֵשׁ, כְּמַיִם מֻגָּרִים בְּמוֹרָד"... (מיכה א')

נחום הנביא דריקט זיך אונסגעפעהר פאָלגענדעס אויס:

„גאָט איז אַ מאַכט, וועלכע טהוט צערנען און זיך נוקם זיין; ער נעמט ראַכע פון די בעדריקער און פון די פיינד... ער איז מעכטיג און איינגעהאַלטען, אָבער שענקען שענקט ער ניט... גאָט'ס וועג איז דורך שטורם און קאַטאַס-טראָפען... און אַ „פינסטערער וואָלקען"... איז דער שטויב פון זיינע פיס. א. ז. וו. ווער וועט דען זיין צאָרן ביישטעהן קענען און ווער וועט עקזיסטירען בלייבען ביי זיין גרימצאָרן? זיין כעס וועט אויסברעכען ווי אַ פייער און „פעלזען" וועלען דאַביי צושפרינגען"...

„אֵל קַנּוֹא וְנֹקֵם ה' — נֹקֵם ה' וּבַעַל חֵמָה; נֹקֵם ה' לְצָרָיו, וְנוֹטֵר הוּא לְאֹיְבָיו. ה' אֶרֶךְ אַפַּיִם וּגְדָל כֹּחַ, וְנַקֵּה לֹא יְנַקֶּה; ה' בְּסוּפָה וּבִשְׂעָרָה דַּרְכּוֹ וְעָנָן אֲבַק רַגְלָיו וכו'... לִפְנֵי זַעְמוֹ מִי יַעֲמוֹד וּמִי יָקוּם בַּחֲרוֹן אַפּוֹ? חֲמָתוֹ נִתְּכָה כָאֵשׁ וְהַצֻּרִים נִתְּצוּ מִמֶּנּוּ וכו'..." (נחום א')

חבקוק הנביא זאָגט צווישען אַנדערן פאָלגענדעס:

„גאָט וועט פון תימן ערשיינען און זיך בעווייזען פון באַרג פארן א. ז. וו. פאַר איהם וועט אָנקומען די פעסט און מיט איהם אַ גליהעדיג פייער... ער וועט זיך אַוועקשטעלען און צוטיילען די ערד... און וועט בעטראַכטען ווי אַזוי אויפצובינדען די פעלקער... און ס'וועלען זיך צוברעקלען די „אוראַלטע בערג" און ס'וועלען ערנידריגט ווערען די „הויכקייטען" פון דער וועלט... דאָס וועט זיין גאָט'ס וועלטס-גאַנג..."

„אֱלֹהַּ מִתֵּימָן יָבוֹא וְקָדוֹשׁ מֵהַר פָּארָן סֶלָה וכו', לְפָנָיו יֵלֶךְ דָּבֶר, וְיֵצֵא רֶשֶׁף לְרַגְלָיו... עָמַד וַיְמֹדֶד אֶרֶץ, רָאָה וַיַּתֵּר גּוֹיִם, וַיִּתְפֹּצְצוּ הַרְרֵי עַד, שַׁחוּ גִּבְעוֹת עוֹלָם; הֲלִיכוֹת-עוֹלָם לוֹ"... (חבקוק ג')

צפניה הנביא דריקט זיך וועגען וועלט-קריג אַזוי אויס:

„ווייל די מענשהייט האָט זיך עס אַזוי געאיילט און פערניכטעט אַלע קולטורעלע ווערק... דעריבער — זאָגט גאָט — זאָלט איהר ערוואַרטען אַ טאָג, אין וועלכע

איך וועל אויפשטעהן צום רויב=צוג... דען מיין געריכטס=בעשלוס איז פאָלגענ=דער: צונויפצוזאַמלען די פעלקער, צוזאַמענצונעמען די קעניגרייכע און אויסצו=גיסען אויף זיי מיין גאַנצען כעס און גרימצאָרן. און נור דורך מיין פייערדי=גער נקמה וועט עס פערניכטעט ווערען די גאַנצע וועלט"...

„אכן השכימו, השחיתו כל עלילותם... לכן חכו לי — נאם ה׳ — ליום קומי לעד. כי משפטי: לאסוף גוים, לקבצי ממלכות, לשפוך עליהם זעמי, כל חרון אפי. כי באש קנאתי תאכל כל הארץ"... (צפניה ג׳)

חגי הנביא אויסערט זיך פאָלגענדעס וועגען דער וועלט-קריגס=עפּאָכע: „איך וועל מאַכען אויפציטערן הימעל און ערד און כ׳וועל „אומדרעהען" די טראָנען פון די קעניגרייכע;.. כ׳וועל פערניכטען די מאַכט פון די פעלקער... און כ׳וועל אומדרעהען דעם קריגס=וואָגען מיט זיין רייטער. און אונטערגעהן וועלען דאַן די פערד מיט זייערע רייטער איינער דורך דער שווערד פון צווייטען"...

„אני מרעיש את השמים ואת הארץ. והפכתי כסא ממלכות, והשמדתי חזק ממלכות הגוים. והפכתי מרכבה ורוכביה וירדו סוסים ורוכביהם איש בחרב אחיו"... (חגי סוף ב׳)

זכריה הנביא הענגט אָן די ענטשטעהונג פון וועלט-קריג צוליב פאָלגענדעס:

„ווייל פאַר יענע צייט איז ניט געהעריג בעלוינט געוואָרען, ניט דער מענש און ניט זיין בהמה; און ווייל דער אויס=און איינוואַנדערער פון יעדען לאַנד האָט קיינמאָל קיין רוהה געהאַט פון דעם בעדריקער זיינעם — אָט צוליב דעם זאָגט גאָט — וועל איך עס אָנרייצען די גאַנצע מענשהייט אויף דעם אַנדערן"...

„כי לפני הימים ההם שכר האדם לא נהיה ושכר הבהמה איננה, וליוצא ולבא אין שלום מן הצר — ואשלח את כל האדם איש ברעהו"... (זכריה ח׳—י׳)

מלאכי הנביא זאָגט פאָלגענדעס וועגען וועלט=קריג:

„איך וועל שיקען — זאָגט גאָט — מיין מלאך און ער וועט פארברייטע׳ן דעם וועג פאַר מיר. און פלוצלונג וועט ערשיינען אין זיין טעמפל דער הערר, וועל=כען איהר פערלאַנגט און דער [illegible] ה׳, וועלכען איהר ווינשט. אָבער ווער ערוואַרטעט דען דעם טאָג פון זיין אָנקומען? און ווער וועט דען עקזיסטירען קענען ווען ער וועט זיך בעווייזען, דען ער וועט דאָך זיין ווי אַ פייער, וואָס לייטערן כסדר אויס און ווי זייף, וואָס טהוט אַלץ אָבריייניגען... א. ז. וו. דען יענער טאָג, אין וועלכען ער וועט אָנקומען, וועט ברענען ווי אַנ׳אויוועז. אַלע פערברעכער און אויך די יעניגע וואָס האָבען שלעכטס געטהון, וועלען ווערען ווי שטרוי און יענער קומענדיגער טאָג וועט זיי אַלע אַזוי פערברענען, אַז ס׳וועט פון זיי מעהר קיין צווייג און וואורצעל ניט בלייבען"...

„הנני שולח מלאכי ופנה דרך לפני. ופתאום יבא אל היכלו האדון אשר

אַתֶּם מְבַקְשִׁים וּמַלְאַךְ־הַבְּרִית אֲשֶׁר אַתֶּם חֲפֵצִים וכו׳. וּמִי מְכַלְכֵּל אֶת יוֹם בּוֹאוֹ, וּמִי הָעוֹמֵד בְּהֵרָאוֹתוֹ? כִּי הוּא כְּאֵשׁ מְצָרֵף וּכְבֹרִית מְכַבְּסִים וכו׳. כִּי הִנֵּה הַיּוֹם בָּא בֹּעֵר כַּתַּנּוּר; וְהָיוּ כָל זֵדִים וְכָל עֹשֵׂה רִשְׁעָה — קַשׁ, וְלִהַט אֹתָם הַיּוֹם הַבָּא — אָמַר ה׳ צְבָאוֹת — אֲשֶׁר לֹא יַעֲזֹב לָהֶם שֹׁרֶשׁ וְעָנָף״... (מלאכי ג׳ פסוק א׳ גם י״ט)

צום שלוס פון די אַלע נביאות וועט נאָך אינטערעסאַנט זיין צו ברענגען דאָ ישעיה הנביא׳ס אַ צווייטע פּראָפעצייהונג וועגען וועלט־קריג, וועלכע שילדערט די איבערלעבענישען אונזערע אין אַ קורצער, אָבער אין אַ זעהר חאַראַקטעריסטישער פאָרם:

„דערנעהנטערט אייך פעלקער צו הערען און פאַרנעמט איהר נאַציאָנען; זאָל הערען די ערד מיט אַלע איהרע איינוואוינער און די וועלט מיט די אָבצווייגען איהרע. דען גאָט׳ס צאָרן גיסט זיך אויס אויף אַלע פעלקער און זיין כעס אויף אַלע זייערע אַרמעען, וועלכע וועלען פערניכטעט ווערען און צו דער שחיטה איבערגעבען זיין. — זייערע געהרג׳טע וועלען פונאַנדערגעוואָרפען ווערען, פון זייערע טויטע קערפּערס וועט אַ געשטאַנק אַרויסזעצען און פון זייער בלוט וועלען אַזש „בערג״ צוגעהן א. ז. וו. דען עס וועט זיין אַ נקמה־טאָג פון גאָט, אַ פּערגעלטונגס־יאָהר וועט עס ווערען צוליעב׳ן שטרייט מיט ציון... — די טייכען וועלען דאַן פערוואַנדעלט ווערען אין סמאָלע און דער שטויב פון דער ערד — אין שוועבעל; די ערד אַליין וועט ווערען ווי איין שטיק פלאַמענדיג פעך, וועלכע וועט ניט פערלאָשען ווערען ניט ביינאַכט און ניט בייטאָג״...

„קִרְבוּ גוֹיִם לִשְׁמֹעַ, וּלְאֻמִּים הַקְשִׁיבוּ; תִּשְׁמַע הָאָרֶץ וּמְלֹאָהּ, תֵּבֵל וְכָל צֶאֱצָאֶיהָ, כִּי קֶצֶף לַה׳ עַל כָּל הַגּוֹיִם, וְחֵמָה עַל כָּל צְבָאָם — הֶחֱרִימָם, נְתָנָם לַטָּבַח וְחַלְלֵיהֶם יֻשְׁלָכוּ, וּפִגְרֵיהֶם יַעֲלֶה בָאְשָׁם. וְנָמַסּוּ הָרִים מִדָּמָם וכו׳. כִּי יוֹם נָקָם לַה׳, שְׁנַת שִׁלּוּמִים לְרִיב צִיּוֹן... וְנֶהֶפְכוּ נְחָלֶיהָ לְזֶפֶת וַעֲפָרָהּ לְגָפְרִית. וְהָיְתָה אַרְצָהּ לְזֶפֶת־בֹּעֵרָה, לַיְלָה וְיוֹמָם לֹא תִכְבֶּה״... (ישעיה ל״ד)

אָט אין דעם זין האָבען עס די יודישע נביאים פאָראויסגעזאָגט וועגען דער צוקונפטיגער, מורא׳דיגער עפּאָכע, וועלכע מיר רופען אָן מיט׳ן נאָמען „וועלט קריג״.



## VII.

# די חַכְמֵי־הַתַּלְמוּד וועגען וועלט־קריג.

די קאָמענטאַריער (די מפרשים) פון דער תורה דער תלמוד (די גמרא), דער מדרש (די בעלי־הגדה) די בעלי התרגום א. ז. וו. רופען אָן די דאָזיגע

שרעקליכע צייט מ'ט'ן נאָמען „עקבות דמשיחא"[31] (די טריט פון משיח'ן) אָדער „דור שבן דוד בא בו" (דער דור, אין וועלכען משיח וועט קומען). מאַנכמאָל רופען זיי די דאָזיגע עפּאָכע אָן אויך מ'ט'ן נאָמען „חבלו של משיח"[32] (די „שטורעם-ווייהען פון דער משיח-צייט") אָדער „יום הדין הגדול" (דער טאָג פון גרויסען געריכט...) אָפט געברויכען זיי פשוט דעם אויסדרוק „מלחמת גוג ומגוג[33]" (די מלחמה פון גוג און מגוג).

אויך זיי, די חכמי-התלמוד, שטעלען זיך דעם וועלט-קריג אויסערגעוועהנ-ליך מורא'דיג פאָר. נור שטאַט דעם, וואָס די נביאים שילדערן איהם ברייט, דייטליך און כמעט אויספיהרליך — ריידען די חכמי-התלמוד וועגען יענער עפּאָ-כע קורץ און איינגעהאַלטען... און גראָד ווי די נביאים העגגען אָן די ענטשטע-הונג פון גאַנצען וועלט-קריג נור אָן די אונגערעכטיגקייטען און פערברעכענס פון יעדען יחיד, וועלכע פערברייטען זיך און ענטוויקלען זיך, ביז זיי ווערען וועלטס-פערברעכענס... אַזוי טהוען עס אויך די חכמי-התלמוד בעטאָנען; זיי זאָגען עס אָבער ניט אייביג אָפען[34], נור ערקלערען עס אָפט פערשטעלטערהייט

[31]) דעם אויסדרוק „עקבות דמשיחא", האָבען די חכמי-התלמוד געהיס גענומען פון תהלים — „אשר חרפו עקבות משיחך". (תהלים פ"ט)

[32]) דעם דאָזיגען אויסדרוק געפינט מען אין תלמוד זעלטענער. און דאָרט, ווי ער געפונט זיך, ווערט ער אויך ניט געברויכט אַלס אויסדרוק פון דער גאַנצער „משיח-צייט", נור אויף דעם סאַמע סוף פון איהר. דען נור צוליעב דעם, וואָס די חכמי-התלמוד האָבען זיך דאָס ענדע פון דער משיח-עפּאָכע פאָרגעשטעלט פאַר דער מורא'דיגסטער און געפעהרליכסטער צייט פון אַלע יענע צוקונפטיגע אומקערענישען, האָבען זיי עס אָנגערופען מיט אַזאַ אינטערעסאַנטען נאָמען. — דער דאָזיגער נאָמען האָט ווייזט אויס, צו בעדייטען צווייערליי עפּאָכען. ערשטענס: אַ טרויעריג אומ-גליקס-עפּאָכע פערבונדען מיט פיעל אונגעהייערע מענשליכע יסורים און ליידען, און צווייטענס האָט דער דאָזיגער נאָמען צו בעדייטען: אַ עפּאָכע, וועלכע דאַרף, און צוזאַמענהאַנג מיט איה-רע אומגליקען, אויך שאַפען און גרבעהרען אַ נייערע, בעסערע צייט... אַט דעריבער האָבען עס די חכמי-התלמוד אָנגערופען דעם סוף פון דער משיח-עפּאָכע „חבלו של משיח" — „די שטורעם-ווייען פון דער משיח-צייט". זיי האָבען, ווייזט אויס, פערגליכען יענע ליידען פון דער מענשהייט צו די ליידען פון אַ קימפעטאָרין, וועלכע ווערען אין תלמוד אָנגערופען „חבלי-לידה."

[33]) דער אויסדרוק „מלחמת גוג ומגוג", אַלס בעצייכנונג אויף דער לעצטער און גרעסטער וועלטס-מלחמה, נעמט זיך ביי יודען פון יחזקאל הנביא'ס אַ נבואה, וועלכע זאָגט פאָראויס, אַז עס וועט אַמאָל אויסברעכען אַ גוואַלדיגע מלחמה, פון כמעט אַלע פעלקער אויף דער וועלט. די דאָזיגע פעלקער וועלען זיך טיילען אין צוויי פיינדליכע גרופען. מיט איינער פון זיי וועט אָנ-פיהרען אַ פעלדהערר, וועלכען יחזקאל רופט אָן מיט'ן נאָמען „גוג פון מגוג". „בן אדם! שים פניך אל גוג ארץ המגוג" (יחזקאל ל"ח) — לויט פערשיעדענע תלמודישע ערקלערונגען זעהט מען דייטליך אַז מיט דעם אויסדרוק „גוג ומגוג" האָט יחזקאל ניט געמיינט אַ קריגס-פיהרער, וועלכער וועט פאַקטיש אַזוי מוזען הייסען — עס איז נור אַ נאָמענס-סימבאָל אויף דעם פעראורזאַכער און פיה-רער פון דעם אַמאָליגען פעלקער-קאַמף, וועלכער וועט פאַר'ן וועלט-פרידען ערליידען די גרעסטע מפלה...

[34]) די סבה פאַרוואָס די חכמי-התלמוד ריידען ניט אייביג וועגען דעם גאַנץ דייטליך, ער-קלער איך ווייטער, ביים וועלט-פרידען.

אָדער אין פאָרם פון אַלעגאָרישע ערצעהלונגען (משלים); און גראָד ווי די נביאים, אַלס פאָרשטעהער פון יודען, ריידען און מוסר'ן פאַר די אונגערעכטיג־קייטען, תחלת זייער פאָלק און דערנאָך ערשט די איבריגע נאַציאָנען, אַזוי מאַכען עס אויך די חכמי־התלמוד. אָט דאַדורך קומט עס שוין אויס פערשטענד־ליך, וואָס דער תלמוד ערקלעהרט, אַז:

„בשביל עונות ישראל אף אומות העולם לוקין" (תנחומא בחקותי ב') — „צו־ליעב די זינד פון דעם פאָלק ישראל וועלען אויך אַלע איבריגע פעלקער געשלאָגען ווערען"... [35]

דען דער תלמוד, אַלס ווערק, וועלכעס איז געשאַפען געוועהן פון יודען און פאַר יודען, האָט בײַ אַזאַ אַנגעלעגענהייט ווי צו מוסר'ן פאַר עולות און זינד — דאָך ניט אַנדערש געקאָנט ריידען ווי נור צו יודען און וועגען יודען.

בכלל אָבער האָבען די חכמי־התלמוד וועגען יענער טרויריגער צייט פיעל פאָראויסגעזאָגט.

די גמרא זאָגט אַזוי:

„אין דעם דור, אין וועלכען משיח וועט דאַרפען קומען וועט זיך מעהרען דאָס מין „פרעכהייט"... און עס וועט זיין אַ משונה'דיגער יקרות; דער ווײַנשטאָק וועט דוכט זיך טראָגען גענוג פרוכטען, און דאָך וועט דער ווײַן אַליין זעהר טייער זיין... דאָס גאַנצע מין „רעגיערונג" וועט דאַן אומגעדרעהט ווערען אין אַ סיסטעם פון „אונגלויביגע"... און דאָך וועט זיך ניט געפונען קיינער, וואָס זאָל דאַגעגען פראָטעסטירען"... א. ז. וו.

„דור שבן דוד בא בו העזות תרבה, והיוקר יעות; הגפן יתן פריו והיין ביוקר... ונהפכה כל המלכות למינות... ואין תוכחה וכו'"... (סנהדרין צ"ז גם מדרש שיר השירים).

אַ עהנליכע גמרא, נור נאָך מיט מעהר פאָראויסגעזאָגטע איינצעלהייטען וועגען די דאַמאָליגע פאַמיליען־פערהעלטנישען, געפונט מען אויף אַנ'אַנדער אָרט:

„אין משיח'ס צייטען — זאָגט פאָראויס דער תלמוד — וועט זיך שטאַרקען די חוצפה... און ס'וועט זיך איינשטעלען אַ גוואַלדיגער יקרות... די יוגענד וועט פערשעהמען די עלטערע מענשען, און אַלטע לייט וועלען זיך מוזען אויפשטע־לען פאַר קינדער... דער זוהן וועט ניט שוינען דעם פאָטער, די טאָכטער וועט זיך אַנטקעגענשטעלען דער מוטער, און די שניר דער שוויגער... דעם מענשענס אייגענע שטובען־לייט וועלען דאַן זיינע ערגסטע שונאים זיין... און אַ זוהן וועט זיך ניט מעהר שעמען פאַר זיין אייגענעם פאָטער...

„בעקבות דמשיחא חוצפה יסגי, והיוקר יאמר... נערים פני זקנים ילבינו, זקנים יעמדו מפני קטנים. בן מנאל אב, בת קמה באמה, כלה בחמותה... אויבי איש אנשי ביתו, והבן אינו מתבייש מאביו"... (סוטה מ"ט)

---

35) דאָרט זעלבסט זאָגט דער מדרש פאָלגענדעס:

„אמר ר' ישמעאל בן לוי: אלו הי' יודעין עכומ"ז שבשביל עונות ישראל הם לוקין, היו מעמידין להם ב' איסטרטיוטין לכל אחד ואחד מישראל, כדי שישמרו את התורה"...

אויסער דעם, זאָגען די חכמי-התלמוד פאָראויס, אַז אויך די לאַגע פון דער אַלגעמיינער מענשהייט וועט דאַן, אַ זעהר טרויריגע זיין. דער תלמוד שילדערט עס אויף פאָלגענדער אַרט:

„אין דעם דור וואָס משיח וועט דאַרפען קומען, וועלען אַלע מין געלעהרטע ווינציגער ווערען... און ביי דער איבריגער מענשהייט וועלען אַזש די אויגען פאַרגעהן פון צרות און ליידען... פיעל אומגליקען און ביטערע גזרות וועלען אַלץ כסדר קומען אויפ'ן מענש... דער בעפעהל פון איין שטרענגער פעראָרדנונג וועט ניט דאָנזשען אַרויסצוגעהן, און עס וועט זיך שוין בעווייזען אַ נייע ביטערע גזרה... די צוזאַמענקונפטס-ערטער וועלען דאַן אויסגעלאַסען זיין, אַזוי, אַז דער גאַנצער „צענטר" וועט צושטערט ווערען... די איינוואוינער פון די גרעניץ-שטעדט וועלען עמיגרירען פון שטאָדט צו שטאָדט און מ'וועט זיך אויף זיי אַמאָל ניט ערבאַרמען קענען... די וויסענשאַפט פון די געלעהרטע וועט „פערשטונקען" ווערען... און פערמיאוס'ט וועט זיין דער עהרליכער מאַן... די מענשהייט וועט דאַן האָבען אַ פנים ווי אַ הונד... און דער אמת וועט פעהלען"...

„דור שבן דוד בא בו, כל תלמידי-חכמים מתמעטים, והשאר עיניהם כלות ביגון ואנחה... וצרות רבות, וגזרות קשות מתחדשות ובאות... — עד שהראשונה פקודה, השניה ממהרת לבוא... בית הועד יהיה לזנות, והגליל יחרב, והגבלן יאשם, ואנשי גבול יסובבו מעיר לעיר ולא יחננו... וחכמת סופרים תסרח... ויראי חטא ימאסו ופני הדור כפני הכלב... והאמת נדרת"... (סנהדרין צ"ז גם מדרש שיר השירים ב').

חוץ די דערמאָנטע פאָראויס-זאָגונגען, געפונען זיך נאָך אין תלמוד מעהרערע קורצע אויסערונגען וועגען דער וועלט-קריגס-צייט, וועלכע זיינען צוליעב זייער אָריגינאַליטעט און צוליעב זייער אידענטישקייט (עהנליכקייט) מיט די איבערלעבענישען פון אונזער איצטיגער עפאָכע, ווערט צו ציטירען. אַלס חאַראַקטעריסטיק וועל איך דאָ צונויפשטעלען די אינטערעסאַנטעסטע פון זיי.

די גמרא זאָגט אַז:

„משיח וועט ניט פריהער קומען, ביז ס'וועט זיך ניט אויסלאָזען דאָס מענשליכע געפיהל"...

„משיח וועט ניט פריהער קומען ביז דאָס גאַנצע מין רעגיערונג וועט ניט רעפאָרמיער'ט ווערען"...

„משיח וועט ניט פריהער קומען ביז ס'וועט זיך ניט פערקלענערן די שטודירענדע יוגענד"...

„משיח וועט ניט פריהער קומען, ביז ס'וועלען ניט אַ סוף איינעמען די „שטאָלצע" איבער יודען"...

„משיח וועט ניט פריהער קומען ביז ס'וועלען זיך כסדר מעהרען דענונסאַציעס"...

„ " " " " ביז ס'וועט ניט אונטערגעהן דאָס מין קליינע מטבעות"...

„משיח וועט ניט פריהער קומען ביז ס'וועט ניט פערניכטעט ווערען יעדע שלעכטע רעגיערונג איבער יודען"...

„משיח וועט ניט פריהער קומען ביז ס'וועט ניט זיין אַ בעשלאַג אויף אַלע פּראָדוקטען"...

„משיח וועט ניט פריהער קומען ביז מ'וועט זאָגאר אַ פישל, פאַר אַ קראַנקען ניט געפונען"...

„משיח וועט ניט פריהער קומען ביז מ'וועט זיך ניט מייאש זיין פון דער גאולה"...

„אין בן דוד בא עד שיכלו כל הנשמות שבגוף"... (יבמות ס"ב—נדה י"ג)

„ „ „ „ עד שתתהפך כל המלכות לדעת צדוקים"... (סנהדרין צ"ח)

„ „ „ „ עד שיתמעטו התלמידים"... (שם)

„ „ „ „ עד שיכלו גסי-רוח מישראל"... (שם)

„ „ „ „ עד שירבו המסורות... (שם)

„ „ „ „ עד שתכלה פרוטה מן הכיס"... (שם)

„ „ „ „ עד שתכלה מלכות הזלה מישראל"... (שם)

„ „ „ „ עד שיהיו כל השערים שקולין"... (שם)

„ „ „ „ עד שיבקש דג לחולה ולא ימצא"... (שם)

„ „ „ „ עד שיתיאשו מן הגאולה"... (שם)

בעזונדערס ווערט אין תלמוד בעטאָנט אַז:

„אין דעם דור, אין וועלכען משיח וועט דאַרפען קומען, וועט זיין התנגדות צווישען די געלעהרטע און ס'וועלען כסדר אַרויס פּעראָרדנונגען אויף פּער-אָרדנונגען... איינער דעם אַנדערן וועט דאַן באַרויבען אַזוי, אַז זאָגאר דער „רויבער" אַליין וועט אויך בערויבט ווערען"...

„דור שבן דוד בא בו קטגוריא בתלמידי חכמים. צירוף אחר צירוף... בזוזי ובזוזי דבזוזי"... (כתובות קי"ב)

אויך ערקלערט דער תלמוד, אַז ביים וועלט-קריג וועלען אַלע שלעכטע רעגירערונגען „אָבגעמשפּט" ווערען מיט אַמאָל. די חכמי-התלמוד דריקען די דאָ-זיגע מיינונג זייערע אויס אויף פאָלגענדער אַרט:

„ביי דער אַמאָליגער וועלט-אָרדנונג — זאָגט דער מדרש — איז אָבגע'משפּט געוואָרען „פּרעה" בעזונדערס „סיסרא" בעזונדערס „סנחרב" בעזונדערס א. ז. וו. — אין דער צוקונפטס-וועלט אָבער, וועלען אַלע שוין אָבגע'משפּט ווערען מיט אַמאָל"... [36]

„בעולם..זה פרעה נידון בפני עצמו, סיסרא בפני עצמו, סנחריב בפני עצמו וכו' — אבל לעתיד לבוא כלם נדונין בבת אחת"... (ילקוט קי"ד גם מדרש תהלים)

אין אַלגעמיין אָבער האָבען די תלמודיסטען איינשטימיג ערקלערט, אַז די עפּאָכע פון וועלט-קריג, וועט פאַר דער מענשהייט זיין דאָס טרויריגסטע קאַפּיטל פון דער וועלטס-געשיכטע.

„ווי וועט זיין דעם פאָלק — זאָגט ר' יוחנן — וואָס וועט עקזיסטירען אין יענער צייט, ווען גאָט וועט נעמען צוריק בעפרייען זיינע קינדער"...

---

[36]) די חכמי-התלמוד ברענגען בפיון די נעמען פון פרעה'ן, סיסרא און סנחריב, כדי דאָ-מיט נור צו בעטאָנען, אַז גראַד ווי זיי זענען פאַר יודען געוועזען די געפעהרליכסטע הערשער און דאָך האָבען זיי, ווי בעוואוסט ערליטען די גרעסטע מפּלה, אַזוי וועט עס אויך זיין מיט אַלע אַנ-דערע יודישע בעדריקער...

„אוי לה לאומה שתמצא בשעה שהקב"ה עושה פדיון לבניו"... (סנהדרין ק"ו)

אויך די חכמי-ירושלים זיינען געווען אין דערזעלבער מיינונג, און דריקען זיך וועגען יענער טרויריגער עפּאָכע אַזוי אויס:

„אין דער צוקונפטס-עפּאָכע — זאָגט ר' אבהו — וועלען אַלע מענשען ווערען איינגעבויגען פון צרות, און אַלע פּנים'ער וועלען אַזש דערפון פערגרינט און איינגעשרומפּען ווערען"...

„אמר ר' אבהו: לעתיד, כל באי עולם עתידים לכפוף... ונהפכו כל פנים לירקון"... (ירושלמי חגיגה ב')

אויף אַנ'אַנדער אָרט זאָגט ווידער דער תלמוד, אַז אין יענער צייט וועלען אויף דער מענשהייט אָנקומען אַזוי פיעל שרעקליכע צרות, דאָס:

„די לעצטע צרות וועלען כסדר פערגעסען מאַכען די פריהערדיגע"...

„צרות אחרונות משכחות את הראשונות"... (ברכות י"ג)

און דעריבער ערקלערען עס די חכמי-התלמוד אַז:

„אויב דו ועסט זעהען אַ דור, אויף וועלכען עס גיסען זיך אויס כסדר צרות, ווי פון אַ טייך — דאַן ערוואַרט משיח'ן"... [37])

„אם ראית דור שצרות רבות באות עליו כנהר — חכה לו"... (סנהדרין צ"ח)

בכלל אָבער, צו מאַכען זיך אַבעגריף ווי וויט טרויריג און מורא'דיג די חכמי-התלמוד האָבען זיך עס פאָרגעשטעלט די וועלט-קריגס-צייט, קאָן מען זעהען דערפון, דאָס ניט קוקענדיג דאַרויף, וואָס אַלע תנאים און אמוראים האָבען זיך אַלץ כסדר בעמיהט איינצופלאַנצען אין דעם יוד דאָס האָפנונגס-געפיהל און דעם גלויבען צו דערלעבען די גליקליכע גאולה-צייט די ימות-המשיח, [38]) און דאָך האָט דער בעוואוסטער תלמודישער געלעהרטער ר' יוחנן, (אויך רבה און עולא) ריידענדיג אַזוי וועגען דער משיח-עפּאָכע, פּלוצלינג גאָר אויסגעשריגען:

„זאָל ער קומען, משיח, נור איך זאָל איהם ניט דערלעבען צו זעהען"!..

„אמר ר' יוחנן: ייתי ולא איחמיניה!.. וכן אמר רבה ועולא. סנהדרין צ"ח)

אָט אַזוי שרעקליך האָבען עס זיך די חכמי-התלמוד פאָרגעשטעלט די וועלט-קריגס-עפּאָכע, און אַזוי זעהר האָבען זיי עס געציטערט פאַר די שטורצ-

---

[37]) מיר געפינען אין תלמוד נאָך פאָלגענדעס וועגען יענער עפּאָכע:

„די שמיטה, אין וועלכער משיח וועט קומען, וועט אַזוי אויסזעהען: דאָס ערשטע יאָהר וועט אויף איין אָרט יאָ רעגענען און אויף איין אָרט ניט; אין צווייטען און דריטען יאָהר וועט זיין אַ שרעקליכער הונגער, אַזוי אַז עס וועט שטאַרבען יונג און אַלט, פשוט'ע און אָנגעזעהענערע, פרויען און מענער א. ז. וו.; אין פירטען יאָהר וועט זיין אַ זעטיגקייט און דאָך וועט מען זיך ניט אָנזעטיגען קענען... אין פינפטען יאָהר וועט שוין די זעטיגקייט יאָ גרויס זיין; אין זעקסטען יאָהר וועט מען הערען פערשיעדענע קולות; אין זיבעטען יאָהר וועלען אויסברעכען גוואַלדיגע מלחמות אין דעם סוף פון דעם יאָהר וועט ערשיינען משיח...

תנו רבנן: שבוע שבן דוד בא—שנה ראשונה מתקיים מקרה: והמטרתי על עיר אחת ועל עיר אחת לא; שניה חיצי רעב משתלחין; ג' רעב גדול ומתים אנשים, נשים וטף חסידים ואנשי מעשה וכו' (סנהדרין צ"ז—מגילה י"ז)

[38]) די חכמי-התלמוד האָבען טאַקי צוליעב דעם צוועק עס ערקלערט, אַז דער יוד, וואָס גלויבט ניט אין ביאת-המשיח, דער האָט ניט קיין חלק אין דער עולם הבא-צייט... (סנהדרין ל')

ווייען פון דער אַלטער וועלטס-אָרדנונג, פאַר די אַזוי גערופענע „חבלו של משיח״...

אָבער גראָד ווי די נביאים ערקלערען, אַז דער אורשפּרונג פון וועלט-קריג וועט זיין די אונטערדריקונג און פערפאָלגונג, וואָס דאָס יודישע פאָלק וועט האָבען אויסצושטעהן פון אַנדערע פעלקער, וועלכע וועט הויפּטזעכליך זיך נעמען דערפון, וואָס צווישען די יודען אַליין וועט קיין גערעכטיגקייט און קיין איינהייט ניט זיין — אַזוי טהוען אויך די חכמי-התלמוד דאָסזעלבע ערקלעהרען; זיי ערקלעהרען עס אָבער ניט אייביג אָפען און דייטליך, נור דריקען זיך עס ס'רוב אויס אין פאָרם פון אַלעגאָרישע שפּריכע (משלים) אָדער גאָר דורך האַלב-פערשטעלטע אויסערונגען.[39] און גענומען האָט זיך עס געוויס דערפון: די נביאים — זיי, וואָס האָבען געלעבט אין דער צייט, ווען דאָס יודישע פאָלק איז זיך נאָך געזעסען אין זיין לאַנד, און בעת דער דרוק פון'ם אויסערליכען שונא איז נאָך ניט געווען אַזוי שטאַרק, אַז מ'זאָל דאַרפען ציטערן פאַר אַ פריי וואָרט — אָט זיי, די נביאים, האָבען זיך עס טאַקי נאָך געקענט ערלויבען אַרויס-צוזאָגען אָפען אַזעלכענע שטרענגע מוסר-רייד געגען די פעלקער פון דער וועלט.— די חכמי-התלמוד דאַגעגען, זיי, וואָס האָבען זיך שוין געפונען אין דער עפּאָכע פון צערפאַל פון דער יודישער מלוכה — אין דער צייט, ווען איבער יהודה האָבען שוין גענומען געוועלטיגען פרעמדע הערשער — ווען פאַר אַ איבריג וואָרט האָט מען אָפט מיט'ן לעבען בעצאָהלט[40] — הייגט וואָס פאַר אַ וואונדער איז עס, ווען די חכמי-התלמוד האָבען געמוזט זיין אַ ביסעל איינגעהאַלטען ביים אַרויסזאָגען פון אַזעלכענע אויסערונגען? — און דערפון שטימט טאַקי אויך די לאַקאָנישע (קורצע) תלמודישע-אויסשפּראַכע ביי אַזעלכע אַרט אויסערונגען.

אַלס חאַראַקטעריסטיק וועל איך דאָ בריינגען אייניגע אַזעלכענע ציטאַטען, פון וועלכע דער לעזער וועט קאָנען דייטליך אַרויסזעהען, אויף וואָס פאַרע אַרט די חכמי-התלמוד פלעגען זיך עס ביי אַזעלכענע מיינונגען אויסצודריקען.

דער מדרש זאָגט אַזוי:

„ווען די אומות העולם וואָלטען געוואוסט, אַז צוליב די יודישע זינד ווערען אויך זיי געשלאָגען, וואָלטען זיי אויף יעדען יוד אויפגעשטעלט צו צווייה הי-טערס, וועלכע זאָלען אַכטונג געבען, אַז ער זאָל אָבהיטען די מצוות פון דער תורה״...

„אריב״ל: אלו הי' יודעין עכומ״ז שבשביל עונות ישראל הם לוקין — היו מעמידין להם ב' איסטרטיוטין לכל אחד ואחד מישראל, כדי שישמרו את התורה״... (תנחומא, בחקותי ב')

---

[39]) וועגען די אַלעגאָרישע תלמודישע אויסערונגען, זעה אויך ווייטער ביים קאַפּיטעל „תחיית המתים און עולם הבא״.

[40]) וועלכער יוד ווייסט דען ניט וועגען די פיעל יודישע קרבנות און הויפּט-זעכליך וועגען די עשרה הרוגי מלכות וואָס זיינען אין דער תלמודישער-ערא געפאַלען נור צוליעב דעם, וואָס זיי האָבען זיך ערלויבט אַרויסצוזאָגען אַ מיינונג, וואָס איז די יודישע אונטערדריקער ניט געפעלען געווען; און ווער געדענקט דען ניט דאָס קאַפּיטעל פון דער יודישער געשיכטע, וואו עס ווערט געשילדערט אויף וואָס-פאַרע מערדעריש-גרויזאַמען אופן עס זיינען פאַר אַזאַ עהנליכער זאַך געמאַטערט און ערמאָרדעט געוואָרען די בעריהמטעסטע חכמי-התלמוד: ר' חנינא בן תרדיון, ר' עקיבה בן יוסף, ר' ישמעאל, ר' שמעון, ר' הוצפית המתורגמן, ר' יהודה בן בבא א. ז. וו.?

אָט אין דער פאָרם האָבען זיך עס די חכמי-התלמוד אויסגעדריקט וועגען די אונגערעכטיקייטען, וואָס יודען וועלען אַליין באַגעהען געגען זיך, און וועגען די טרויעריגע פאָלגען, וואָס די דאָזיגע אונגערעכטיגקייטען וועלען ברינגען אויך אויף די יודישע אונטערדריקער...

יעצט לאָמיר זעהען אויך וואָס פאַרע אופן די חכמי-התלמוד האָבען זיך עס אויסגעדריקט וועגען די פערברעכענס, וואָס די אומות העולם זענען קעגען יודען באַגאַנגען, און וועגען די פאָלגען, וואָס וועלען דערפון אַרויסקומען.

די מכילתא זאָגט אַזוי:

„די עלטעסטע יודישע געלעהרטע — די „זקנים" [41]) — פלעגען אייביג אַזוי צו זאָגען: אַזאַ נאַטור-געזעץ וועט שוין בלייבען אויף דער וועלט פון דור צו דור: די „רוטה", דורך וועלכער דאָס יודישע פאָלק וועט געשלאָגען ווערען, וועט צום סוף אַליין גאָר געשלאָגען ווערען... און זאָל זיך די וועלט אַראָבנעמען אַ מוסר פון עמלק'ן [42]), וועלכער איז דאָך תחלת געווען דער שלעגער פון יודען און אַם ענדע איז ער גאָר אַליין פערניכטעט געוואָרען"...

„זקנים הראשונים אומרים: „כך מדה מהלכת על פני כל הדורות: „שוט" שישראל לוקין בו, סופו ללקות — ילמדו כל אדם דרך ארץ מעמלק, שבא להזיק את ישראל ואבדו הקב"ה"... (מכילתא—עמלק, בשלח ב')

אונסגעפעהר אין דער האַלב-פערשטעלטער פאָרם האָבען זיך עס די חכמי-התלמוד אויסגעדרוקט וועגען די אונגערעכטיגקייטען פון דער וועלט, וועלכע קומען אַרויס דורך אונגערעכטיגקייטען און רופען אויך אַרויס ווייטערע אונגערעכטיגקייטען...

עס זיינען אָבער פאַרהאַן אין תלמוד אַזעלכענע אַרט אויסערונגען וועגען די וועלטס-אונגערעכטיגקייטען, וועלכע זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרען אין אַ גאַנץ-פערשטעלטער פאָרם. אָט די אַרט אויסערונגען זיינען בעזונדערס חערט ערקלערט צו ווערען; דען ערשטענס דיענט אַזאַ אויפקלערונג פשוט צו

---

41) די גאָר עלטעסטע חכמי-התלמוד, די ערשטע „תנאים", וועלכע האָבען איינגעריכטעט דעם תלמודישען לעהר-סיסטעם לויט א דואליסטישער (צווי-אַרטיגער) פאָרם, ווערען אין תלמוד אָנגערופען „זוגות" („פּאָרלעך") אָדער „זקנים" („די אַלטע"). די ערשטע פון די דאָזיגע „זוגות" זיינען געווען: שמעיה און אבטליון, הלל און שמאי א. ז. ח.

42) ווי בעוואוסט איז „עמלק" געווען דער ערשטער וועלכער איז פּלוצלינג אָן שום אורזאַכע בעפאַלען דאָס יודישע פאָלק בעת עס איז אַרויס פון מצרים, און מלחמה געהאַלטען מיט איהם און צוליעב דער דאָזיגער סבה, האָט עס די תורה געזאָגט צו משה רבינו די חאַראַקטעריסטישע ווערטער.

„כתב זאת זכרון בספר ושים באזני יהושע, כי מחה אמחה את זכר עמלק מתחת השמים וכו'-כי יד על כס יה מלחמה לה' בעמלק מדור דור"...— „פערשרייב עס, משה, צום אַנדענקען אין דיין בוך און זאָג עס אויך אָן יהושע'ן, אז איך חעל אויסמעקען פון דער וועלט דעם אָנדענקען פון עמלק'ן; דען אַזוי לאַנג, ווי די מאַכט חעט זיין אויף גאָט'ס טראָהן, חעט גאָט מלחמה-האַלטען מיט „עמלק'ן" פון דור צו דור"...

אָט צוליעב דעם איז אין תלמוד ענטשטאַנען דער אויסדרוק „עמלק" אויף יעדער אַרט קריגס-פיהרונג... און דאַדורך האָט עס טאַקי דער מדרש געזאָגט אַז דאָס וואָס די תורה זאָגט „מלחמה לה' בעמלק מדור דור" מיינט מען עס, נור ביז משיח-צייט... דען שפּעטער וועלען שוין קיין מלחמות מעהר ניט זיין. — „עד דורו של מלך-המשיח..." (תנחומא תצא-ט"ו)

בעגרייפען, אַז ניט קיין גלאַט-פשוטע מעשה האָט אונז דער תלמוד געוואָלט דערצעהלען, און צווייטענס ווערט מען דורכדעם געוואהר ווי טיעפזיניג די חכמי-התלמוד פלעגען אָפט צו ריידען.

אַלס חאַראַקטעריסטיק וועל איך דאָ ברינגען איינעם פון די הויפט-ציטאַטען דערפון, וועלכער וועט דוכט זיך גענוג זיין, אַז דער לעזער זאָל בעקומען אַ ריכטיג בילד פון דער אינטערעסאַנטער אַלעגאָרישער רעדענס-אַרט פון די חכמי-התלמוד.

די גמרא דערצעהלט אַזאַ פאַקט:

„הלל הזקן האָט אַמאָל דערזעהען שווימען אויף אַ טייך אַ אָבגעשניטענעם קאָפּ פון אַ טויטען מענשען — האָט הלל צו דעם קאָפּ אַזוי געזאָגט: „וייל דו מענש, האָסט אַמאָל איינעם דערטרונקען, האָט מען דריבער אויך דיך דערטרונקען — און דער סוף וועט זיין, אַז די דאָזיגע וואָס האָבען איצט דיך דערטרונקען וועלען אָם ענדע אליין דערטרונקען ווערען"...

„אף הוא (הלל) ראה גלגולת אחת שצפה על פני המים. אמר לה: על דאטפת אטפוך, וסוף מטיפיך יטופון"... (אבות ב׳, סוכה נ״ג)

אין פלוג, ווען מ'לייענט אַדורך דעם דאָזיגען פאַקט און, ווען מ'נעמט גענויער בעטראַכטען וואָס דאָ ווערט אייגענטליך דערצעהלט, און פון וועמען דער דאָזיגער פאַקט ווערט געבראַכט, דאַרף מען דאָך באמת פערוואונדערט ווערען: הלל — ער, דער איידעלסטער נשיא פון יודען, ער, דער מילדעסטער תנא ביי יודען און ער — דער גוט-האַרציגסטער יודישער געלעהרטער — איז ער, דער מענש פון אַזעלכענע מעלות און מדות טובות, זאָל גאָר מיט אַמאָל אַזוי געענדערט ווערען, און, דערזעהענדיג פאַר זיך אַזאַ טראַגיש-טרויריג בילד —, אַ אָבגעשניטענעם קאָפּ פון אַ דער'הרג'טען מענשען, וועלכען אַ אונבעוואוסטע מערדערהאַנד האָט דער'הרג'עט און דערטרונקען אין אַ טייך — איז, האָבענדיג פאַר זיך אַזאַ שרעקליך בילד, בעקומט גאָר ער — דער דאָזיגער זעלטענער מענשען-פריינד [43]) מיט אַמאָל אַזאַ האַרטען און קאַלטען כאַראַקטער און ערלויבט זיך אויסצודריקען וועגען דעם טויטען אַזעלכענע רייד, פון וועלכע עס שמעקט גאָר אַרויס עפּעס אַ באַהאַלטענער כעס און אַ מאָדנעס נקמה-געפיהל?.. וואָס-זשע אייגענטליך איז עפּעס מיט אַמאָל פון אונזער איידעלעם הלל געוואָרען? און וואָס האָט עס איהם געקאָנט בעוועגען

[43]) ווי ווייט הלל איז געווען אַ גוטהאַרציגער און ליעבליכער מענשען-פריינד קאָן מען אַרויסזעהען פון פאָלגענדען פאַקט: דער תלמוד דערצעהלט, „אַז צוויי געצענדיענער האָבען זיך אַמאָל געוועט, ווער פון זיי ס'וועט אימשטאַנד זיין אַריינברינגען הלל'ן אין כעס. און דער סוף איז געווען, אַז דער, וואָס האָט זיך עס איינטערגענומען, האָט פערשפּיעלט; דען ניט קוקענדיג אויף די פיעל מאָדנע פראַגען, וואָס ער האָט אומישנע פרייטאָג פאַר נאַכט געפּרעגט הלל'ן כדי איהם אַרויסצוברינגען פון געדולד -- האָט הלל איהם געלאַסען געענטפערט אויף יעדער זאַך בעזונדערס און האָט איהם יעדעס מאָל אויפגענומען זעהר ליעבליך און פריינדליך דער סוף איז געווען, אַז דער פראַגען-שטעלער איז צוליעב דער פערשפּיעלטער וועט, געוואָרען אַזוי אין כעס אַז ביים אַרויסגעהן האָט ער אַ געשריי אויסגעגעבען: אויב דו ביסט עס דער בעריהמטער הלל הנשיא, זאָלען זיך טאַקי אַזעלכענע יודען ווי דו ביסט, ניט מעהר מעהרען אויף דער וועלט!.. שבת ל״א)

אויסצודריקען זיך צו דעם ערמאָרדעטען אין אַזאַ שטרענג-בייזען, פיינדליכען טאָן?

ווען מ'בעטראַכט אָבער דעם דאָזיגען פאַקט גענויער און, ווען מ'פערגלייכט איהם צו הלל'ס ווערטער, וועלכע ווערען אין תלמוד אין צוזאַמענהאַנג מיט דעמזעלבען פאַקט דערצעהלט, ווערט יעדען אַלץ גלייך פערשטענדליך. עס ווערט קלאָר, אַז דאָ רעדט עס ניט הלל בלויס צו אַ פאַקטישען, און צו אַ איינצעלנעם ערמאָרדעטען מענשען, נור וועגען אַ גאַנצעס וועלטס-סיסטעם. — וועגען אַ סיסטעם, וועלכעס פערדינט באמת פעראַכטעט און פערטיליגט צו ווערען פון יעדען קלאָר-דענקענדען מענשען-פריינד...

צוליעב דער וויכטיגקייט דערפון, וועל איך מיר ערלויבען די זאַך אביסל גענויער צו ערקלערען.

דער תלמוד ברינגט פאָלגענדעס פון הלל'ן:

„הלל הזקן פלעגט אָפט אַזוי צו זאָגען: אַז „איך" בין דאָ, דאַן איז שוין אַלץ דאָ — און אַז „איך" בין ניט דאָ, טאָ ווער-זשע איז דאָ? — צו דעם אָרט, וועלכעס איך האָב ליעב, דאָרט-אַהין פיהרען מיך אויך מיינע פיס"...

„אם אני כאן, הכל כאן. ואם איני כאן, מי כאן? אל מקום שאני אוהב, שם רגלי מוליכות אותי... אף הוא ראה גלגולת אחת וכו'"... (סוכה נ"ג)

באַלד, נאָך די דאָזיגע ווערטער דערצעהלט די גמרא די מעשה מיט'ן „שווימענדען טויטען-קאָפּ" און הלל'ס שטראָף-רייד צו איהם.

דיזעלבע ערצעהלונג וועגען דעם „שווימענדען-קאָפּ" געפונט מען אויך אויף נאָך איין אָרט אין תלמוד.

אין „אבות" רעכענט דער תלמוד אויס אַ רייהע מיט נוצליכע פרינציפּען, וועלכע הלל האָט אויפגעשטעלט פאַר דעם מענש, דער ערשטער פון די דאָזיגע הלל'שע פרינציפּען איז, אַז: „דער מענש זאָל זיך קיינמאָל ניט אָבזונדערן פון געזעלשאַפטליכען לעבען" (אל תפרוש מן הצבור) און דער לעצטער פון די דאָזיגע פרינציפּען איז, אַז: „דאָרט, וואו דו, מענש, האָסט ניט פאַר זיך קיין „מענשען"... באַמיה-זשע דו זיך אַליין כאָטש צו זיין אַ „מענש"... (במקום שאין „אנשים", השתדל להיות „איש")...

און, מערקווירדיג! אויך דאָ ברינגט באַלד דער תלמוד דיזעלבע מעשה מיט'ן „טויטען-קאָפּ" און הלל'ס אויסערונג וועגען איהם. (אבות פרק שני)

יעצט שטעלט זיך פאָלגענדע פראַגע: ערשטענס, ווי קומט עס עפּעס צו דעם גרעסטען יודישען ענו[44]) צו ריידען מיט אַמאָל וועגען זיך מיט אַזאַ שטאָלץ און גרויסקייט? („אַז „איך" בין דאָ, דאַן איז שוין אַלץ דאָ") — און צווייטענס:

---

[44]) וועגען דער פשוט'קייט און בעשיידענהייט פון הלל'ן קאָן מען זעהען דערפון, וואָס פון אַלע תנאים און אמוראים, האָט דער תלמוד נור איהם גענומען אַלס מוסטער אין פאָרבילד פאַר דער מענשהייט. און די גמרא זאָגט, אַז:

דער מענש דאַרף זיך אייביג בעמיהען צו זיין בײ זיך אַזוי פשוט ווי הלל הזקן, אָבער ניט אַזאַ כעסן, ווי שמאי.

„לעולם יהי' אדם ענוותן כהלל" (שבת ל') ואל יהא קפדן כשמאי.

צו וואָס האָט עס עפּעס הלל פערבונדען די דאָזיגע ווערטער זיינע מיט'ן זאָץ „צו זעם אָרט, וועלכעס כ'האָב ליעב, דאָרט אַהין ציהען מיך אויף מיינע פיס"?— און דריטענס, וואָס-פאַרע צוזאַמענהאַנג האָט עפּעס די מעשה פון דעם „דער-טרונקענעם-קאָפּ" צו די דער'מאָנטע הלל'ש מיינונגען?

דאָס אַלץ וועט אָבער יעדען פערענטפערט ווערען, ווען ער וועט זיך גע-נויער בעקאָנען מיט הלל'ס הויפּט-פּרינציפּען וועגען דעם סאָציאַלען (געזעלשאַפט-ליכען) לעבען פונ'ם מענש.

---

**ווי בעוואוסט, איז הלל בעריהמט געוועזען ניט בלויס אַלס קלוגער, פשוט'ער, מילדער און גוטהערציגער יודישער תנא,—נור אויך אַלס גרעסטער סאָציאַל-געזאָננענער מענשען-פריינד פון זיין צייט.—און אַזוי האָט זיך הלל גע-שטעלט אַלס ציעל אין זיין לעבען: צו זיין פאַר דעם יודישען פאָלק אַ פערלייכטערער און מילדערער (אַמקיל) פון זייערע דינים[45]); און פאַר דער אַלגעמיינער מענשהייט—אַ פערשע-נערער און פערבעסערער פון זייערע זיטען.—הלל'ס הויפּט-דעוויז (הויפּט-כלל) איז געוועזען:**

**„דעלך סני לחברך לא תעביד... זו היא כל התורה כולה ואידך פירושה הוא זיל גמור"—„דאָס, וואָס דיר, מענש, איז ניט ליעב, דאָס זאָלסט דו אויך קיינמאָל דעם צווייטען ניט טהוען—אָט אויף דעם—זאָגט הלל—איז עס געבויט די גאַנצע יודישע תורה"...[46]) אַלץ איבריגע אָבער, וואָס געפינט**

---

45) ווי הייט הלל'ס אויטאָריטעט איז געוועזען גרויס דורך זיין פערלייכטערונגס-סיסטעם ביי די יודישע דינים, קאָן מען זעהען דערפון, וואָס די גמרא האָט אָפען ערקלערט, אז „אייביג בלייבט דער דין ווי הלל"—„לעולם הלכה כהלל" (עירובין י"ג גם ר"ה י"ד)

46) די אומשטענדען, ביי וועלכע הלל האָט זיך די דאָזיגע ווערטער געאויסערט, זיינען אַזוי זעהר אינטערעסאַנט, אַז עס לוינט דאָ וועגען דעם גענויער צו דערצעהלען.—

די גמרא דערצעהלט פאָלגענדען פאַקט:

„אַ היידע (געצענדינער) איז אַמאָל געקומען צו שמאי'ן און האָט צו איהם אַזוי געזאָגט: „טהו מיך מגייר זיין, נור מיט דער בעדינגונג, אַז דו זאָלסט מיך אויסלערנען די גאַנצע תורה איי-דער איצט, שטעהענדיג אַזוי פאַר דיר, אויף איין פוס".—„גיירני על מנת שתלמדני כל התורה כולה, כשאני עומד, על רגל אחת". אַלס תשובה דאַרויף, האָט איהם שמאי אָבגעשטויסען פון זיך מיט דעם מעסט-שטעקען פון דער געביידע. „דחפו באמת הבנין שבידו" נו, איז ער געקומען מיט דער-זעלבער פּראָפּאָזיציע צו הלל'ן.—האָט איהם הלל געענטפערט: „דעלך סני לחברך לא תעבד" וכו'—„וואָס דיר, מענש, איז ניט ליעב, דאָס זאָלסט דו אויך דיין חבר ניט טהון"—אָט דאָס, זאָגט הלל, איז עס די גאַנצע יודישע תורה"...

ביי דער געלעגענהייט געפון איך פאַר פאַסענד און זאָגאַר פאַר נוצליך צו ברינגען דאָ אַ אינטערעסאַנטע ערקלערונג פון ה' יוסף גראַוועע אויס לאָדז, צו דער דערמאָנטער תלמודישער ער-צעהלונג. מר גראַוועע האָט געפרעגט איי[ני]גע גאַנץ ריכטיגע פראַגען: ערשטענס, וואָס היסט עפּעס דער אויסדרוק „על רגל אחת"? צו איז דאָס דען אַ קינדער-שפּיל, אַז מ'זאָל זיך שפּיעלען מיט אַזעלכענע קאַפּיצאַטעטען ווי הלל און שמאי שטעהענדיג אויף איין פוס? און צווייטענס, ווען זאָגאַר שמאי איז געוועזען אַ קפדן, אָבער אַ שלעגער איז ער דאָך ניט געוועזען?—און דריטענס וואָס עפּעס דער אויסדרוק: „ער האָט איהם אָבגעשטויסען מיט'ן בוי-מעסט שטעקען?" („באמת הבנין")—

זיך אין דער תורה, איז נור אַ ערקלערונג צו דעם דערמאָנטען פרינציפּ פון נעכסטען-ליעבע...

נור יענעם קיין שלעכטעס צו טהון, מוז אייביג, לויט הלל'ס מיינונג, זיין דער הויפּט-ציעל פונ'ם מענש.

און דאָס איז עס אויך דער זין פון הלל'ס פריהער דערמאָנטע ווערטער „אם אני כאן, הכל כאן". — הלל מיינט דערמיט אַזוי צו זאָגען: „ווען איך, מענש, בין דאָ מיט מיין „איך" — (מיט מיין מענשליכקייט הייסט עס) — דאַן ער-פיל איך טאַקי פאַר דער מענשהייט אַלץ, וואָס איז נור גוטינ"... — דאָסזעלבע ווידערהאָלט אויך הלל אין „אבות" מיט זיין פרינציפּ „במקום שאין „אנשים" השתדל להיות איש" — הלל מיינט מיט די ווערטער פאָלגענדעס צו זאָגען: „מענש! אויב דו האָסט פאַר זיך „אונמענשען"... זאָלסט דו זיך קיינמאָל פון זיי ניט אָבלערנען און זאָלסט ביי דיר ניט פאַלען — פערקעהרט: דו זאָלסט זיך, ביי אַזאַ פאַל, נאָך מעהר בעמיהען צו זיין אַ מענש"...

און אין זין פון די דאָזיגע מענשליכקייטס-פרינציפּען גיט אויך הלל באַלד דאָרט אַרויס אַ כלל, ווי אַזוי צו דערקאָנען אַ מענש — ער זאָגט ווען דעם אַזוי: אַ מענש קאָן מען אייביג לייכט ערקענען נור אָן זיינע טהאַטען; טהוט ער גוטעס, איז אַ סימן, אַז ער איז אַ מענש — טהוט ער אָבער שלעכטעס, איז אַ בעווייז אַז ער איז אַ אונמענש; דען צו וואָס אַ מענש ציעלט, און נאָך וואָס עמיך שטרעבט, דאָס טהוט ער אויך אייביג אויספיהרען. און אַ כלל איז, אַז: „דאָס אָרט, וועלכעס דער מענש האָט ליעב, דאָרט אַהין ציהען איהם אויך זיינע פיס"... — דעריבער—זאָגט הלל — מוז דער מענש זיך אייביג בעמיהען זיך אַזוי אויסצואַרבייטען אַז זיין „איך" זאָל טאַקי פאַר דער מענשהייט עפּעס אַ ווערט האָבען; דען פון דעם יחיד, פון דעם איינצעלנעם אינדיווידואום, איז אויך אייביג אָבהענגיג די ענטוויקלונג און די צוקונפט פונ'ם כלל, און דאָס גאַנצע שלעכטס, וואָס עס ליידעט אַמאָל דער כלל, קומט אויך נור אַרויס פון די אונגערעכטיגקייטען און עולות, וואָס עס בעגעהט אויף דער וועלט דער יחיד געגען דעם יחיד... דען: ווייל דו, מענש, טהוסט עמיצען אַנ'אונרעכט — טהוט דאָך אַ צווייטער זיך אַזעלכעס אויך געגענאיבער דיר ערלויבען און דער סוף

צו איז שוין שמאי מיט אַמאָל אויך געוואָרען אַ בוימייסטער? און דעריבער גיט הערר גראַווע פאָלגענדע. זעהר תאַראַקטעריסטישע און ריכטיגע ערקלערונג: — דער געצענדיענער — זאָגט ה' גראַווע — איז געקומען און זיך געוואָלט מגייר זיין מיט דער בעדינגונג, אַז מ'זאָל איהם קורץ און בינדיג ערקלעהרען און איבערגעבען דעם הויפּט-פּפליכט פון דער יודישער תורה. האָט ער דעריבער געבעטען שמאין: „זיי מיך מגייר אָבער נור מיט דער בעדינגונג, אַז אַזוי ווי איך שטעה דאָ פאַר דיר, זאָלסט דו מיר אין איין איינציגען כלל איבערגעבען דעם הויפּט-אינהאַלט פון אַלע „מצות פון דער תורה". (דאָס וואָרט „רגל" הייסט אין העברעאישען דער „פוס" און אויך דער „פּרינציפּ" — אַ כלל) — שמאי איז דאָך אָבער, ווי מיר ווייסען, געווען ביי אַלע רעליגיעזע פראַגען אַ גרויסער מחמיר, האָט ער איהם פערשטויסען פון יודענטום (דחפו) דורך „זיין" סיסטעם אַז „די ביבעל-געבאָטע מוז אָבגעהיטען ווערען פאַקטיש אין גאַנצען לויט אַלע איהרע תרי"ג מצות, און ניט לויט איין איינציגען כלל אָדער רעגעל". אָט דאָס מיינט עס דער תלמוד מיט דעם אויס-דרוק „באמת הבנין שבידו"... הלל דאַגעגען האָט זיך עס יאָ אונטערגענומען און האָט איהם ערקלערט דע קווינט-עססענץ פון דער תורה אין איין כלל,

איז, אַז די אַלע, וואָס בעגעהען אונגערעכטיגקייטען אויף דער וועלט, ליידען אַם ענדע אַליין פון דיזעלבע אַרט אונגערעכטיגקייטען... — אָט דאָס מיינט עס הלל מיט זיינע ווערטער: „אל דאטפת אטפוך, וסוף מטופיך יטופון"...

הלל האָט דאָ ניט געמיינט בלויס אַ איינצעלנעם מענשען, געגען וועלכען מ'איז בּאַגאַנגען עפּעס אַפערברעכען — האָט ער דאַמיט נור געוואָלט אויסדריקען זיין אַנשויאונג און מיינונג געגען אַגאַנצעס וועלט'ס-סיסטעם — געגען דעם סיסטעם פון געגענזייטיגע וועלט'ס-אונגערעכטיגקייטען, וועלכע קומען אַרויס פון אונגערעכטיגקייטען און רופען אַרויס אויך ווייטערע אונגערעכטיגקייטען...

און דעריבער איז שוין פערשטענדליך, וואָס הלל רעדט צוערשט וועגען דעם יחיד (על דאטפת) און צום סוף ערשט צום כּלל (מטופיך); דען פון די עוֹלוֹת, וואָס דער יחיד טהוט אָב, ליידעט מיט דער צייט אויך דער כּלל, און די פערברעכענס פון כּלל, פיהלט שפּעטער אויף די גאַנצע וועלט... (זעה פריהער דעם תלמודישען זאַץ: „שוט שישראל לוקין בו סופו ללקות", וועלכער שטאַמט פון די זקנים, צו וועלכע אויך הלל הזקן האָט געהערט) און אינדעם שטימט הלל'ס מיינונג פולשטענדיג איין מיט דער מיינונג פון די נביאים, וועגען וועלבער מיר האָבען שוין פריהער דערמאָנט [47]) אָט דאָס איז עס די הויפּט-סבּה, וועלכע וועט, לויט די מיינונג פון די נביאים און חכמי-התלמוד פעראורזאַכען די ענטשטעהונג פון וועלט-קריג.

---

יעצט לאָמיר זעהען, וואָס זיי — די קדמונים אונזערע — האָבען זיך אויסגעדריקט אויף וועגען וועלט-פרידען.

## VIII.

# די נְבִיאִים וועגען וועלט-פרידען.

די צייט, אין וועלכער די פעלקער פון דער וועלט וועלען ענדגילטיג געהאָלפען ווערען און צוזאַמען מיט זיי אויך דאָס יודישע פאָלק — אָט די דאָזיגע עפּאָכע ווערט לויט שפּראַך פון די נביאים אָנגערופען „אחרית הימים" [48]) (דאָס ענדע פון די בעוואוסטע יאָהרען...) אָפט רופען זיי עס אָן סתם מיט'ן אויסדרוק „בימים ההמה" (אין יענע טעג) אָדער „ביום ההוא" (אין יענעם טאָג).

וועגען דער דאָ ער גליקליכער צייט האָבען כמעט אַלע נביאים פיעלעס פאָראויסגעזאָגט. מאַנכע פ זיי האָבען זאָגאַר וועגען דעם געשאַפען אַ גאַנץ ברייטע סאָציאַלע פלאַטפאָרם, פּצ־בונדען מיט אַ זעהר אינטערעסאַנטען פראָגראַם, וועי-

---

[47]) וועגען דעם, אַז דער וועלט-קריעג וועט הויפּטזעכליך ענטשטעהען פון די אונגערעכטיגקייטען ון יחיד, וועלכע וו:רעז מיט דער צייט אויך כּלל-אונגערעכטיגקייטען — זעה פריהער דעם סוף פון קאַפּיטל „די נביאים אַלס שעפּפער פון דער משיח-אידעע".

גען אַ צוקונפטיגער וועלטס־רעפאָרם... ס'רוב אָבער פון די נביאים האָבען געריכטעט זייערע פּראָפעצייהונגען ספּעציעל צום יודישען פאָלק און ממילא האָבען זיי אויך פאָראויסגעזאָגט פאַר אַלע פעלקער.

די דאָזיגע נביאי'שע פאָראויסזאָגונגען זיינען אָבער אַזוי זעהר אינטערע־סאַנט און ענטהאַלטען אין זיך אַזוי פיעל איינצעלהייטען פון די איינריכטונגען, וואָס די וועלט נעמט זיך גראָד איצט איינצופיהרען, אַז עס איז כדאי צו ברינגען דאָ די הויפּט־אויסציגע פון זיי.

ישעיה הנביא זאָגט וועגען וועלט'ס־פרידען פאָלגענ־דעס פאָראויס:

„און אַ צווייג וועט אַרויסוואַקסען פון דער דינאַסטיע „ישע" (דוד המלך'ס פאָטער) און פון זיינע וואורצלען וועט זיך אַ שפּראָצלינג פונאַנדערשפּרייטען. און עס וועט רוהען אויף איהם גאָט'ס גייסט א. ז. וו. — און ער וועט ניט משפּט'ען לויט זיין אייגענע אַנזיכט און לויט זיין אייגענעם ווילען; דען משפּט'ן וועט ער די עלענדע מיט גערעכטיגקייט און די ערנידריגטע מיט גלייכהייט... — ער וועט ציכטיגען אַ לאַנד מיט דער „רוטה" פון זיין מויל, און מיט'ן „גייסט" פון זיינע ליפּען וועט ער טויטען אַ פערברעכער... און נור גערעכטיגקייט און וואַרהייט וועלען זיין די הויפּט־שטיצען פון איהם — און דאַן וועט וואוינען „דער וואָלף"... צוזאַמען מיט דעם „שעפּסעלע"... דער „לעמפּערד" וועט רוהען בייזאַמען מיט דער „ציעג" א. ז. וו. — די „קוה" וועט זיך פאַשען צוזאַמען מיט דעם „בער" און דער „לייב" וועט עסען „שטרוי" גלייך מיט די „רינדער" אַ „זייגעדיג קינד" וועט זיך שפּיעלען ביי דער נאָרע פון אַ „שלאַנג"... און אַ „אָבגעוויינט קינד" וועט זיין האַנד אין אַ עג־דעס־נעסט אַריינטהוען און דאָך וועט זיי קיינער קיין שלעכטעס ניט טהוען דען די גאַנצע וועלט וועט דאַן פול זיין מיט „פערשטענדניש פון גאָט", ווי דער ים מיט וואַסער"

„ויצא חוטר מגזע ישי, ונצר משרשיו יפרה. ונחה עליו רוח ה': רוח חכמה ובינה, רוח עצה וגבורה, רוח דעת ויראת ה'. והריחו ביראת ה'. ולא למראה עיניו ישפוט, ולא למשמע אזניו יוכיח. — ושפט בצדק דלים, והוכיח במישור לענוי ארץ... והכה ארץ בשבט פיו... וברוח שפתיו ימית רשע... והיה צדק אזור מתניו, והאמונה אזור חלציו... — וגר „זאב" עם „כבש", ו„נמר" עם „גדי" ירבץ... ועגל, וכפיר ומריא יחדיו ונער קטן נהג בם... ופרה ודב תרעינה, יחדיו ירבצו ילדיהן... ו„אריה" כ„בקר" יאכל תבן... — ושעשע „יונק" על חר „פתן", ועל מאורת „צפעוני" „גמול" ידו הדה... — לא ירעו, ולא ישחיתו בכל הר קדשי — כי מלאה הארץ דעה את ה', כמים לים מכסים"... (ישעיה י"א—א')

ירמיה הנביא פראָפעצייהעט פאַר יודען פאָלגענדעס:

„עס וועלען קומען טעג — זאָגט גאָט — און איך וועל צוריק אומקעהרען די פערטריבענע פון מיין פאָלק ישראל. און איך וועל זיי צוריקפיהרען אין

לאַנד, וועלכעס כ'האָב געהאַט זייערע עלטערן געגעבען א. ז. וו. — און אין יענעם טאָג וועל איך צוברעכען דעם שווערען „יאָך“ פון דיין האַלז און וועל פון דיר, ישראל, די „קייטען“ צערייסען... אַזוי, אַז קיין פרעמדע וועלען מעהר מיין פאָלק ניט פערשקלאַפען... און זיי וועלען נור דיענען דער גאָטהייט און דעם קעניג דוד, וועלכען איך וועל פאַר זיי אויפשטעלען. — און דו, מיין קנעכט יעקב, שרעק זיך ניט מעהר און ניט מעהר ציטערן זאָלסט דו מיין פאָלק ישראל, דען איך וועל דיר העלפען פון דערווייטענס און דיינע קינדער פון זייער געפאַנגענשאַפט'ס-לאַנד“...

„הנה ימים באים, נאם ה', ושבתי את שבות עמי ישראל ויהודה. והשיבותים אל הארץ אשר נתתי לאבותם וירשוה וכו'. והיה ביום ההוא, נאם ה' צבאות, אשבור „עלו“ מעל צואריך ומוסרותיך אנתק... ולא יעבדו בו עוד זרים. ועבדו את ה' ואת דוד מלכם אשר אקים להם. ואתה אל תירא עבדי יעקב, נאם ה', ואל תחת ישראל כי הנני מושיעך מרחוק, ואת זרעך מארץ שבים וכו'“... (ירמיה ל, ג—ח)

יחזקאל הנביא ערקלערט פאָלגענדעס וועגען דער וועלט-פרידענס-צייט:

'אַזוי זאָגט גאָט: גראָד ווי אַ פאַסטוך בעזוכט זיין סטאַדע, ווען ער קומט בעקוקען זיינע צושפּרייטע שעפסעלעך — אָט אַזוי וועל אויך איך „מיינע שאָף“ בעזוכען; און איך וועל זיי אַרויסראַטעווען פון אַלע ערטער, וואוהין זיי זיינען פערטריבען געוואָרען אין „פינסטערן און וואָלקענדיגען טאָג“... און איך וועל זיי אַרויספיהרען פון צווישען די פעלקער, כ'וועל זיי צונויפזאַמלען פון אַלע לענדער, וועל זיי צוריקברינגען אין זייער אַמאָליג לאַנד אַריין און וועל זיי אויפס'ניי פאַשען אויף די „בערג-ישראל“ א. ז. וו. — און דאַן — זאָגט גאָט — וועל איך פאַר זיי שליסען דעם ריכטיגען פרידענס-בונד... און וועל פערניכטען אַלע „ווילדע חיות“ פון דער וועלט“...

„כה אמר ה': כבקרת רועה עדרו, ביום היותו בתוך צאנו נפרשות — כן אבקר את צאני... והצלתי אתהם מכל המקומות אשר נפוצו שם „ביום ענן וערפל“... והוצאתים מן העמים, וקבצתים מכל הארצות, והביאותים אל אדמתם, ורעיתים על הרי ישראל וכו'. — וכרתי להם „ברית-שלום“... והשבתי „חיה-רעה“ מן הארץ“... (יחזקאל ל"ד)

הושע הנביא שטעלט פאָר די צוקונפטיגע וועלט-אָרדנונג אין פאָלגענדער זעהר שעהנער פּאָעטישער פאָרם:

„אין יענעם טאָג — זאָגט גאָט — וועל איך פאַר די יודען שליסען אַ בונד מיט די „חיות פון פעלד“... מיט די „פייגיל פון הימעל“... און מיט די „ווערעם פון דער ערד“... און איך וועל פערניכטען פון דער וועלט דעם בויגען, די שווערד און דאָס גאַנצע מין קריגס-פיהרונג... און דאָך וועט זיך י דער פיהלען זיכער... א. ז. וו. — און דיך, מיין פאָלק ישראל, וועל

איך מיר צוריק פערבינדען אויף אייביג מיט דעם באַנד פון ר ע כ ט, ג ע ר ע כ-טיגקייט, ג נ אַ ד ע און ע ר ב אַ ר מ ו נ ג. און איך וועל דיך צו מיר פערבינדען מיט'ן באַנד פ ו ן ג ל ו י ב ע ן א ו ן ו ו אַ ר ה י י ט... און דאַן וועסט דו ערשט ריכטיג קענען לערנען די גאָטהייט"...

„וְהָיָה בַּיּוֹם הַהוּא, נְאֻם ה', וְכָרַתִּי לָהֶם בְּרִית עִם „חַיַּת-הַשָּׂדֶה"... וְעִם „עוֹף הַשָּׁמַיִם"... וְ„רֶמֶשׂ הָאֲדָמָה"... וְקֶשֶׁת וְחֶרֶב וּמִלְחָמָה אֶשְׁבּוֹר מִן הָאָרֶץ... וְהִשְׁכַּבְתִּים לָבֶטַח וכו'. — וְאֵרַשְׂתִּיךְ לִי לְעוֹלָם! וְאֵרַשְׂתִּיךְ לִי בְּצֶדֶק, וּבְמִשְׁפָּט, וּבְחֶסֶד וּבְרַחֲמִים! וְאֵרַשְׂתִּיךְ לִי בֶּאֱמוּנָה! — וְיָדַעַתְּ אֶת ה'... (הושע ב')

י ו א ל ה נ ב י א זאָגט וועגען וועלט-פרידען אזוי:

„און דערנאָך (נאָכ'ן וועלט-קריג) — זאָגט גאָט — וועל איך אויסגיסען מיין גייסט אויף אַלע בעשעפענישען... אזוי, אז זאָגאַר די קינדער אייערע וועלען אימשטאַנד זיין נביאות צו זאָגען... — אייערע אַלטע לייט פלעגען טאַקי אייביג בלויס „חלומות" צו חלום'ען... די יוגענד אייערע וועט שוין אָבער בולט'ע פאַקטען זעהען... דען אויך אויף די קנעכט און דיענסטען, וואָס וועלען אין יענע צוקונפטס-צייט לעבען, וועל איך אויסגיסען מיין גייסט... און וואונדער וועל איך בעווייזען אויף הימעל און ערד — וואונדער דורך בלוט... און פייער... און דורך זיילען פון רויך"...

„וְהָיָה אַחֲרֵי כֵן אֶשְׁפּוֹךְ אֶת רוּחִי עַל כָּל בָּשָׂר וְנִבְּאוּ בְּנֵיכֶם וּבְנוֹתֵיכֶם... — זִקְנֵיכֶם „חֲלוֹמוֹת" יַחֲלוֹמוּן, בַּחוּרֵיכֶם חֶזְיוֹנוֹת יִרְאוּ... וְגַם עַל הָעֲבָדִים וְעַל הַשְּׁפָחוֹת בַּיָּמִים הָהֵמָּה אֶשְׁפּוֹךְ אֶת רוּחִי... וְנָתַתִּי מוֹפְתִים בַּשָּׁמַיִם וּבָאָרֶץ: דָּם, וָאֵשׁ וְתִימְרוֹת-עָשָׁן"... (יואל ג'—א')

ע מ ו ס ה נ ב י א שילדערט דעם וועלט-פרידען אויף פאָלגענדער אַרט:

„עס וועלען אַמאָל קומען טעג — זאָגט גאָט — און עס וועט זיך בעגעגנען: דער אַקער-מענש מיט דעם שנייד-מענש און דער וויינטרעטער מיט דעם פלאַנצער פון די וויין-קערנער א. ז. וו. און דאַן וועל איך צוריק אומקעהרען קיין ארץ-ישראל די פערטריבענע פון מיין פאָלק. און זיי וועלען זיך צוריק אויפבויען די פערוויסטע שטעדט, וועלכע זיי וועלען בעזעצען; זיי וועלען אויפס'ניי פלאַנצען וויינגערטנער, פון וועלכע זיי וועלען דעם וויין טרונקען; און וועלען אָנלייגען פרוכט-געריטנער און אַליין פון זיי די פרוכט עסען. און דאַן וועל איך זיי פערפעסטיגען אין זייער לאַנד, פון וועלכען זיי וועלען שוין קיינמאָל ניט מעהר פערטריבען ווערען...

„הִנֵּה יָמִים בָּאִים, נְאֻם ה', וְנִגַּשׁ חוֹרֵשׁ בַּקּוֹצֵר, וְדֹרֵךְ עֲנָבִים בְּמֹשֵׁךְ הַזָּרַע וכו'. וְשַׁבְתִּי אֶת שְׁבוּת עַמִּי יִשְׂרָאֵל. וּבָנוּ עָרִים נְשַׁמּוֹת וְיָשָׁבוּ; וְנָטְעוּ כְרָמִים וְשָׁתוּ אֶת יֵינָם; וְעָשׂוּ גַנּוֹת וְאָכְלוּ אֶת פְּרִיהֶם. וּנְטַעְתִּים עַל אַדְמָתָם וְלֹא יִנָּתְשׁוּ עוֹד מֵעַל אַדְמָתָם אֲשֶׁר נָתַתִּי לָהֶם"... (עמוס ט'—י"ג)

עובדיה הנביא גיט פאָלגענדע קורצע פאָראויסזאָגונג:
אין יענער צייט, ווען די געהאָלפענע פון „באַרג ציון"... וועלען זיך געהן אָברעכענען מיט'ן „באַרג-עשו"... דאַן ערשט וועט די וועלט'ס-הערשאַפט זיין אין דער האַנד פון דער גאָטהייט"...
„ועלו מושיעים „בהר-ציון" לשפוט את „הר-עשו", והיתה לה' המלוכה"... (עובדיה סוף א')

מיכה הנביא שילדערט די וועלט-פרידענס-צייט אזוי פאָר:
„אין סוף פון די יאָהרען וועט „גאָט'ס-באַרג" שטעהן אָן דער שפיץ פון אַלע בערג און וועט דערהויבען זיין פון אַלע הויכקייטען... א. ז. וו. און צו יענער צייט וועט די מענשהייט אומשעדליך מאַכען זייערע שווערדען אין שניט-מעסערס און זייערע שפיזען אין קאָסעס... קיין פאָלק וועט מעהר קעגען דעם אַנדערן די שווערד ניט דערהייבען און מ'וועט מעהר קיין קריגס-פיהרונג ניט לערנען...— יעדער וועט זיך דאַן זיצען הינטער זיין ווינשטאָק און הינטער זיין פייגענבוים און קיינער וועט מעהר דעם אַנדערן ניט שרעקען"...
„והיה באחרית הימים יהי' הר בית ה' נכון בראש ההרים ונשא הוא מגבעות ונהרו עליו עמים וכו'. וכתתו חרבותיהם לאתים וחניתותיהם למזמרות; לא ישא גוי אל גוי חרב, ולא ילמדון עוד מלחמה. וישבו איש תחת גפנו ותחת תאנתו ואין מחריד"... (מיכה ד'—א')

נחום הנביא פערבינדעט די צוקונפט פון די יודען מיט'ן וועלט-פריעדען אויף פאָלגענדער אַרט:
„עס בעווייזען זיך שוין אויף די בערג די טריט פון דעם בשורה-אָנזאָגער, וועלכער וועט מאַכען הערען די בשורה וועגען פרידען...— פייער-זשע ווידער, יהודה, דיינע אַמאָליגע פייער-טעג! דען עס וועט שוין קיינמאָל ניט מעהר וואַגען דורכצוגעהן דורך דיין לאַנד אַ פערברעכער — ער איז שוין גענצליך פערניכטעט"...
„הנה על ההרים רגלי מבשר, משמיע שלום...— חגי יהודה, חגיך, שלמי נדריך; כי לא יוסיף עוד לעבור בך בליעל — כלה נכרת"... (נחום ב'—א')

חבקוק הנביא גיט פאָלגענדע האָפנונג אויפ'ן וועלט-פרידען:
„אויף מיין פאָסטען האָב איך זיך אַוועקגעשטעלט און בין שטעהען געבליבען ביי דער בעלאַגערונג... און געהאָפט צו זעהען, וואָס גאָט וועט מיר זאָגען, כדי כ'זאָל וויסען וואָס כ'האָב נאָך מיינע שטראָף-רייד פאָראוי'ס צוזאָגען. (אויך גוטעס [48]) און גאָט האָט מיר געענטפערט און האָט צו מיר

[48]) ווי כ'האָב פריהער, (אין קאַפּיטל 3) ערקלעהרט, האָבען אַלע יודישע נביאים יעדעס מאָל נאָך זייערע שטרענגע שטראָף-רייד אויך געגומען פאָראויסזאָגען פאַר'ן יודישען פאָלק עפּעס גוטעס. איבערדעם האָבען זיי עס טאַקי תמיד אַריינגעגעבען אין פאָלק מוטה און האָפנונג אויף אַ בעסערע צוקונפט...

פאָלגענדעס געזאָגט: שרייב אויף די דאָזיגע פאָפעצייהונג און ערקלעהר זי דייטליך אויף דיינע לוחות, כדי דער לעזער זאָל עס קאָנען געלייפיג לעזען; שרייב אויף, אַז עס איז פאַרהאַן נאָך איין נבואה, וועלכע איז געריכטעט ספּעציעל אויף אַ גאַנץ בעשטימטע צייט... און די דאָזיגע נבואה, וועלכע וועט ריידען ספּעציעל צו דעם קץ (צו דער ענד-צייט) וועט ניט פערפעהלען צו קומען. און אויב זי וועט זיך זאָגאר אַביסעל פערזוימען, זאָלסט דו, מענש, אויף איהר דורכאויס וואַרטען; דען קומען וועט די דאָזיגע צייט בעש ימט"...

„על משמרתי אעמדה ואתיצבה על מצור ואצפה לראות מה ידבר בי, ומה אשיב על תוכחתי. — ויענני ה' ויאמר: כתב חזון ובאר על הלחות, למען ירוץ הקורא בו: כי עוד חזון למועד ויפח לקץ ולא יכזב. אם יתמהמה חכה לו, כי בא יבא לא יאחר וכו'"... (חבקוק ב')

צפניה הנביא זאָגט צווישען פיעל אַנדערעס נאָך פאָלגענדעס פאָראויס:
„און דענצמאָל עס שטעהט — זאָגט גאָט — ... נאָכ'ן וועלט-קריג (מיט אַלע פעלקער) וועל איך זיך שוין ווענדען צו די פעלקער מיט אַ קלאָרער שפראַכע... — מיט אַ שפראַכע, וועלכע וועט אין גאָט'ס נאָמען רופען אַלע מיט אַמאָל צו דיענען דער גאָטהייט איינהייטליך... א. ז. וו. — זינג-זשע דעמאָלט דו „ציון'ס-טאָכטער", גיב פאָלק ישראל פרייד-סיגנאַלען, און פרייען זיך מיט'ן גאַנצען האַרץ זאָלסט דו, טאָכטער פון ירושלים. — דען אוועקגענומען האָט שוין גאָט דיינע ריכטער און אָבגערוימט דיינע פיינד... דו זאָלסט שוין ניט מעהר מורא האָבען פאַר קיין שום שלעכטעס, דען גאָט אַליין וועט דאַן דיין יודישער קעניג זיין... א. ז. וו. דען צו יענער צייט — זאָגט גאָט — וועל איך אַליין עס אייך ברינגען און צונויפזאַמלען פון גלות. און כ'וועל אייך דאַן מאַכען אָנגעזעהען און געלויבט צווישען אַלע פעלקער פון דער וועלט"...

„כי אז אהפוך אל עמים שפה ברורה; לקרא כלם בשם ה' לעבדו שכם אחד... וכו' — רני בת-ציון, הריעו ישראל, שמחי ועלזי בכל לב בת ירושלים; הסיר ה' משפטיך, פנה איבך... — מלך ישראל ה' בקרבך; לא תראי רע עוד... וכו' — בעת ההיא אביא אתכם, ובעת קבצי אתכם. כי אתן אתכם לשם ולתהלה בכל עמי-הארץ, בשובי את שבותיכם לעיניכם — אמר ה'"... (צפניה ג' פסוק ט')

חגי הנביא שילדערט די וועלט-פרידענס-עפּאָכע אויף אַזאַ אופן:
„און דאַן — זאָגט גאָט — וועל איך „אומדרעהען" דעם טראָהן פון די קעניגרייכע... און כ'וועל פערניכטען די רעגירונגס-מאַכט פון אַלע נאַציאָנען;... כ'וועל אומדרעהען דעם קריגס-וואָגען צוזאַמען מיט זיין רייטער און עס וועלען אונטערגעהן און אויסגעראָטעט ווערען פון דער געגענזייטיגער שווערד די קריגס-רייטער מיט אַלע זייערע פערד"...

„והפכתי כסא ממלכות... והשמדתי חוזק ממלכות הגוים;... והפכתי מרכבה

ורוֹכביה, וירדו סוסים ורוֹכביהם איש בחרב אחיו"... (חגי ב׳—כ״ב)

זכריה הנביא זאָגט פאַר יודען פאָלגענדעס פאָראויס:

אַזוֹי זאָגט גאָט: „איך וועל העלפען מיין פאָלק פון די „מזרח-לענדער" און אויך פון די לענדער וואו די זון געהט אונטער. און איך וועל זיי ברינגען קיין ירושלים, וואו זיי וועלען זיך שוין לעבען רוהיג און זיכער. און דאַן וועלען זיי מיר ווערען צוריק אַ פאָלק און איך וועל פאַר זיי זיין אַ-גאָט פון וואַרהייט און גערעכטיגקייט"...

„כה אמר ה׳ צבאות: הנני מושיע את עמי „מארץ-מזרח" ומארץ מבוא השמש. והבאתי אותם ושכנו בתוך ירושלים. והיו לי לעם ואני אהיה להם לאלהים באמת ובצדקה"... (זכריה ח׳—ז׳)

מלאכי הנביא ענדיגט זיין נביאות מיט פאָלגענדע האַראַקטע-ריסטישע ווערטער:

„און דאַן ערשט — זאָגט גאָט — וועט פאַר אייך יודען, אויפשיינען די „זון פון גערעכטיגקייט"... און אין איהרע פליגלען וועט אַ היילונג זיין... א. ז. וו. אין דאַן פאַר יענעם גרויסען, מורא׳דיגען טאָג, וועל איך עס אייך שיקען דעם פראָפעט אליהו הנביא, וועלכער וועט צוריק אומקעהרען דאָס האַרץ פון די עלטערן צו די קינדער און דאָס קינדער-האַרץ צו זייערע עלטערן"...

„וזרחה לכם יראי-שמי „שמש צדקה", ומרפא בכנפיה... וכו׳. — הנה אנכי שולח לכם את אליהו הנביא, לפני בוא יום ה׳ הגדול והנורא... והשיב לב אבות על בנים ולב בנים על אבותם" (מלאכי ג׳)

דאָס אונסגעפעהר די אויסציגע פון די פראָפעציייהונגען פון אלע נביאים וועגען דער אַמאָליגער וועלטס-פרידענס-עפּאָכע, אויף וועלכע ס׳האָבען ויך הויפטזעכליך געשטיצט אויך די חכמי-התלמוד אין זייערע פאָראויסזאָגונגען וועגען דער קומענדיגער גליקליכער משיח און גאולה-צייט.



# די חכמי-התלמוד וועגען וועלט-פרידען.

לויט תלמודישער שפראַך, ווערט די וועלט-פרידענס-צייט אָנגערופען „עתיד-לבוא" (די צייט, וואָס איז פאָרבערייט צו קומען) אָדער „כשיבוא מלך המשיח" (אַז משיח וועט קומען). ס׳רוב אָבער בענוצט זיך דער תלמוד מיט אַ פערקירצונג פון ערשטען אויסדרוק, און רופט די דאָזיגע צייט נור אָן „לעתיד". (אין דער צוקונפט).

וועגען דער דאָזיגער גליקליכער עפּאָכע, אין וועלכער עס וועט אויפגע-ריכט ווערען די גאַנצע וועלט צוזאַמען מיט׳ן יודישען פאָלק, האָבען די חכמי-

התלמוד זעהר פיעלעס פאַראויסגעזאָגט. אין כאָטש מעהרסטענטיילס פון די דאָזיגע פאַראויסזאָגונגען שטיצען זיך הויפטזעכליך (ווי כ'האָב דאָ פריהער ערקלערט) נור אויף די אויפמונטערונגען פון דער תורה און אויף די נביאות פון די נביאים — האָבען די חכמי-התלמוד דאָך אַריינגעבראַכט אין די דאָזיגע פאַראויסזאָגונגען אַ נייעס, נעמליך: זיי האָבען בעשטימט אַ טערמין, אין וועלכען די דאָזיגע וועלטס-ענדערונג וועט אונבעדינגט שוין מוזען עקזיסטירען.

דער דאָזיגער טערמין וועט, לויט'ן תלמוד, זיין שפּעטסטענס דער אָנהויב פון זיבעטען יאָהר-טויזענד, זייט די וועלט איז, לויט ביבעל-רעכנונג, באַשאַפען געוואָרען. [49]

פון וואַנען אָבער האָט זיך עס צו די חכמי-התלמוד גענומען דער דאָזיגער טערמין? און וואָס איז עפּעס גראָד דאָס 7-טע יאָהר-טויזענד דורך זיי פעסטגעשטעלט פאַר די גליקליכערע און פרייערע עפּאָכע פון דער מענשהייט? אָט דאָס איז כדאי דאָ גענויער צו ערקלערען.

ווי כ'האָב שוין פריהער דערמאָנט, האָט די תורה געשאַפען אַ רייהע סאָציאַל-געזעלשאַפטליכע געזעצען, לויט דעם אַזוי גערופענעם „זיבענער-פרייהייטס-סיסטעם" [50]) — דאָס דאָזיגע ביבלישע „7-ער סיסטעם", לויט וועלכען יעדער 7-טער טאָג (דער שבת), יעדעס 7-טע יאָהר (די שמיטה) און יעדע 7-טע שמיטה (דער יובל), האָבען פאַר יעדען יודען געמוזט זיין אמת'ע רוה און פרייהייטס-טעג [51]) — אָט דאָס דאָזיגע „7-ער סיסטעם" האָט זיך אין יודישען נאַציאָנאַל-רעליגיעזען און עקאָנאָמיש-ווירטשאַפטליכען לעבען אַזוי טיעף איינגעוואורצעלט, און איז ביים פאָלק ישראל אַזוי זעהר אָנגענומען און פערהייליגט געוואָרען, אַז עס האָט מיט דער צייט פון זיך געשאַפען און זאָגאַר בּרייט ענטוויקעלט אַ גאַנצע נייע, פילאָזאָפיש-בעגרינדעטע, סאָציאַלע וועלט-אָרדנונגס-אידעע אויך לויט דעמזעלבען „7-ער פרייהייטס-סיסטעם".

**לויט דעם דאָזיגען תלמודישען „7-ער וועלט-אָרדנונגס-סיסטעם", וועט די אַלטע וועלט-אָרדנונג מעהר פון 6 טויזענד יאָהר ניט עקזיסטירען קענען, אזוי, אַז אין 7-טען יאָהר-טויזענד וועט שוין מוזען איינגעפיהרט ווערען אַ נייע אָרדנונג — אַ אָרדנונג, וועלכע וועט דאַרפען געבען דער**

---

[49]) לויט ביבעל-רעכנונג, עקזיסטירט שוין די וועלט אַנ'ערך פון 5680 יאָהר. דאָס הייסט, אַז עס האַלט שוין ביים שלוס פון 6-טען יאָהר-טויזענד, וועלכען די חכמי-התלמוד האָבען ערקלערט פאַר דעם סאַמע ענדע פון דער אַלטער וועלט-אָרדנונגס-עפּאָכע.

[50]) גענויערעס וועגען דעם ביבלישען „זיבענער-פרייהייטס-סיסטעם" זעה פריהער אין קאַפּיטל: „דער סאָציאַל-וועלטליכער משיח-בעגריף". „שבת מעין עולם הבא". (מכילתא תשא—א')

[51]) אויך אַלע אַנדערע ימים טובים ווערען ביי יודען געפייערט לויט דעמזעלבען „7-ער סיסטעם": 7 טעג עסט מען מצה („שבעת ימים מצות תאכלו"). 7 וואָכען ציילט מען פון פסח ביז שבועות (שבעה שבועות תספר לך.) 7 חדשים נאָך פסח איז ראש השנה. (בחדש השביעי באחד לחודש יהי' לכם שבתון.) 7 טעג זיצט מען אין סוכה. (בסוכות תשבו שבעת ימים) און ווי כ'האָב שוין דאָס איינמאָל אין „לאָדזער טאָגעבלאַט" אין אַ ספּעציעלען צייטונגס-אַרטיקעל פערעפענטליכט, איז אויך דאָס גאַנצע קרבנות-סיסטעם און אַלע אַנדערע יודישע נאַציאָנאַל-רעליגיעזע דינים און מנהגים איינגעריכטעט אַלץ נור לויט דעמזעלבען „7-ער סיסטעם".

וועלט איהר פולשטענדיגע פרייהייט און דעם יודישען פאָלק זיין ענטגילטיגע גאולה.

און אַזוי ערקלעהרען די חכמי־התלמוד אויסדריקליך:

„זעקס טויזינד יאָהר וועט עקזיסטירען די אַלטע וועלט"[52]) — „שית אלפי שני הוי עלמא" (ראש השנה ל"א) און „אין 7-טען יאָהר-טויזענד וועט גאָט זיין וועלט גענצליך בענייען" — „אין הקדוש ברוך הוא מחדש עולמו אלא לאחר שבעת אלפים שנה". (סנהדרין צ"ט) — דאָרט זעלבסט זאָגט נאָך די גמרא, אַז „דאָס 7-טע יאָהר טויזענד וועט זיין די משיח-עפּאָכע". — „ימות המשיח לישראל שבעת אלפים שנה" (שם)

חוץ דעם געפונט זיך אין תלמוד נאָך אַ אויסערונג, פון וועלכער מ'קאָן דייטליך אַרויסזעהען, אַז די „7-ער וועלט-אָרדנונגס-אידעע" איז הויפּטזעכליך ענטשטאַנען, נור דורך דעם יודישען „7-ער פרייהייטס-סיסטעם".

די גמרא זאָגט וועגען דעם פאָלגענדעס:

„גראָד ווי די שמיטה איז אַ בעפרייאונגס-יאָהר צו 7 יאָהר — אַזוי וועט אויך די זיבעטע כיליאַדע (דאָס 7-טע יאָהר-טויזענד) זיין די בעפרייאונגס-עפּאָכע פאַר דער וועלט"...[53])

„כשם שהשביעית משמטת שנה אחת לזין שנים, כך העולם משמט אלף שנים לשבעת אלפים שנה"... (סנהדרין צ"ז)

דאָס זיינען עס די תלמודישע אויסערונגען וועגען דער ענטשטעהונג פון דער קומענדיגער סאָציאַלער „7-ער וועלט-בעפרייאונגס-אידעע".

ווי אַזוי די וועלט וועט עס דאַן בעפרייט ווערען און דורך וועם — וועגען דעם ווערט אין תלמוד זעהר פיעלעס געזאָגט. בכלל אָבער זיינען אַלע חכמי-התלמוד איינשטימיג דערין, אַז די וועלט וועט בעפרייט ווערען דורך צוויי משיחים (געזאַלבטע); דורך אַ „משיח בן יוסף"[54]) און אַ „משיח

---

[52]) ווי ס'ווייזט אויס האָבען די חכמי־התלמוד ניט געמיינט, אַז די גאַנצע וועלט אונזערע עקזיסטירט ניט מעהר, ווי 6 טויזענד יאָהר; זיי זיינען נור אין דער מיינונג, אַז יעדע 6 טויזענד יאָהר מוז זיך דאָס סיסטעם פון דער וועלטס-אָרדנונג ענדערן. — און אַזוי ערקלעהרען די חכמי-התלמוד בפירוש דאָרט זעלבסט, אַז איין וועלט פון (6 טויזענד יאָהר) איז שוין אונטערגעגאַנגען. אביי זאָגט, אַז זאָגאַר צוויי וועלטען זיינען שוין אונטערגעגאַנגען. — „שית אלפי שני הוי עלמא וחד חרוב. אביי אמר תרי חרוב"... (ראש השנה ל"א)

[53]) מיר געפונען נאָך אַ תלמודישע אויסערונג וועלכע ערקלערט אויך אויסדריקליך, אַז דאָס „7-ער פרייהייטס סיסטעם" האָט געשאַפען די „7-ער וועלט-אָרדנונגס-אידעע". דער תנא דבי אליהו ערקלערט וועגען דעם אַזוי:

„אַזוי ווי מיר, יודען, מאַכען איינמאָל אין 7 יאָהר אַ שמיטה-יאָהר — גראָד אַזוי וועט אויך גאָט מאַכען פון די זיבעטע כיליאַדע (יאָהר-טויזענד) אַ בעפרייאונגס-עפּאָכע פאַר דער וועלט"... — „כשם שאנו עושים אחת לשבע שנים שמיטה, כך עתיד הקב"ה לעשות שמיטה לעולם באלף השביעי"... (תנא דבי-אליהו פרק ב' גם זוהר וירא קי"ז) —

[54]) די חכמים רופען ווייזט אויס יענעם וועלטס-בעפרייער נור דאַפיר אָן „בן יוסף", ווייל ער וועט עס האָבען פאַר דער וועלט די זעלבע אויפגאַבע ווי יוסף אין עגיפטען, דהיינו: צו זיין בלויס דער פאָרפּאָסטען פאַר דער בעפרייאונג, אָבער אַליין וועט ער די אמת'ע גאולה ניט דערלעבען. זעה סוכה נ"ב, וואו דער תלמוד ערקלערט אויסדריקליך, אַז ווען „משיח בן דוד" וועט קומען, וועט שוין „משיח בן יוסף" ניט לעבען.

בן דוד"[55]) וועגען משיח-בן דוד ווערט אין תלמוד זעהר פיעלעס פּאַראויס-געזאָגט. דאַגעגען וועגען משיח-בן-יוסף געפינט זיך אין תלמוד זעהר וועניג. „משיח בן יוסף" דאַרף, לויט'ן תלמוד ערשיינען אין סאַמע מיט פון וועלט-קריג, אין וועלכען ער אַליין וועט גאָר אומקומען. דער דאָזיגער ערשטער משיח — ערקלערט דער מדרש — וועט שטראָפען די וועלט פשוט מיט אַ שטעקען... (זעה מדרש תהלים דעם פסוק תרועם בשבט ברזל). — „משיח בן דוד" דאַגעגען, וועט קומען אין סוף פון וועלט-קריג; ער וועט עס שוין זיין דער בעפרייער פון די פעלקער, דורך דעם גערעכטיגקייטס-פּרינציפּ, וואָס ער וועט אייגפיהרען אויף דער וועלט.

---

די חכמי-התלמוד, וועלכע זיינען בעשטאַנען פון העכער צוויי טויזענד געלעהרטע, וואָס האבען געלעבט אין פערלויף פון די ערשטע 700 יאָהר פון שטורמדיגסטען לעבען פון יודישען פאָלק,[56]) האָבען וועגען דער משיח-צייט אַזוי פיעל פּאָראויסגעזאָגט, אַז עס איז אונמעגליך אין אַזאַ קורץ ווערק איבער-צוגעבען כאָטש אַ קליינעם טייל דערפון. כדי אָבער צו געבען דעם לעזער אַ קור-צען איבערבליק וועגען דער פאָרם פון די תלמודישע משיח-אויסערונגען, וועל איך דאָ צונויפשטעלען נור די הויפּט-ציטאַטען פון זיי, פאַר אַלעם איז אָבער אינטערעסאַנט צו וויסען, אַז די חכמי-התלמוד האָבען ערקלעהרט, דאָס:

„די גאַנצע וועלט איז ניט באַשאַפען געוואָרען צוליעב עפּעס אַנדערש, ווי נור צוליעב דער קומענדיגער משיח-עפּאָכע"... — „אמר ר' יוחנן: לא אברי עלמא אלא למשיח"... (סנהדרין צ"ח)

אויך זאָגט דער תלמוד, אַז:

„אַלץ, וואָס די נביאים האָבען נור פּאָראויסגעזאָגט וועגען די קומענדיגע גליקליכע צייטען, האָבען זיי דאַמיט נור געמיינט די שעהנע משיח-עפּאָכע"... — „כל הנביאים כולן לא נתנבאו אלא לימות המשיח"... (סנהדרין צ"ט)

צו דעם גיבען נאָך די חכמי-התלמוד בפירוש צו, אַז:

„דער וועלט-קריג וועט זיין דער אָנהויב פון דער וועלט-בעפרייאונג"... — „מלחמה אתחלתא דגאולה היא"... (מגילה י"ז)

דאָס אינטערעסאַנטעסטע פון דעם אַלעם איז אָבער דאָס, וואָס די חכמי-התלמוד האָבען אייביג פערבונדען משיח'ן מיט'ן וועלט-פרידען, און דעם וועלט-

---

[55]) דעם אויסדרוק „בן דוד" האָבען די חכמי-התלמוד געוויס גענומען פון די נביאים, וועל-כע געברויכען איהם גאַנץ אָפט, אַלס אָנרופונג אויף דעם בעפרייער פון יודישען פאָלק. די נביאים חייזט אויס האָבען נור צוליעב דעם איהם אָנגערופען „בן דוד", ווייל מיט דוד'ן איז דאָך ענט-שטאַנען די ערשטע דינאַסטיע פון יודישע קעניגע. אין אַלגעמיין אָבער האָבען די חכמי-התלמוד ערקלערט, אַז מיט דעם אויסדרוק „דוד" מיינט מען ניט דייקא אַז משיח וועט מוזען הייסען „דוד" און וועט דורכאויס מוזען זיין אַ קעניג אָדער אַ קייזער. — (זעה סנהדרין צ"ח די תלמודישע ערקלערונג „ודוד עבדי נשיא להם לעולם" — „כגון קיסר ופלגי קיסר"... — זעה אויך ווייטער דאָס קאַפּיטעל „תלמודישע אויפקלערונגען וועגען משיח".

[56]) ווי מיר וויסען, האָבען די חכמי-התלמוד געלעבט פון אַ'ערך 200 יאָהר פאַר דער איצטיגער צייט-רעכנונג ביז צום חתימת התלמוד. (499 נאָך אונזער צייטרעכנונג).

פרידען מיט'ן גערעכטיגקייטס-פרינציפ, וועלכער וועט אמאָל איינגעפיהרט ווערען אויף דער וועלט.[57]) און אַזוי געפונען מיר אין תלמוד פאָלגענדעס וועגען דעם:

„גרויס איז דער פרידען, דען אין דער צייט, ווען משיח וועט זיך בע-ווייזען, וועט ער ניט אָנהויבען זיין שליחות מיט עפּעס אַנדערש, ווי מיט'ן פריעדען"...

„גדול הוא השלום, שבשעה שמלך המשיח נגלה בו אינו פותח אלא בשלום"... (דרך ארץ—פרק השלום)

דאָרטזעלבסט ערקלערט נאָך ר' יוסי הגלילי וועגען דעם ענין „משיח" פאָלגענדעס זעהר האַראַקטעריסטישעס:

„משיח'ס נאָמען אַליין וועט גאָר זיין „שלום" (פרידען...) — „שמו של משיח נקרא „שלום"... (שם)

חוץ דעם געפונט זיך אַ מדרש, וועלכער זאָגט בפירוש, אַז:

„ווען משיח וועט קומען, וועט ער דאָס ערשטע אָנבי טען פרידען צו אַלע פעלקער"... „כשיבוא מלך המשיח פותח תחלה בשלום לכל האומות"... (תנחומא-שופטים)

דאָס זיינען עס די אויסדריקע פון די חכמי-התלמוד וועגען משיח'ן און זיין טעטיגקייט וועגען וועלט-פרידען.

---

עס זיינען אָבער פאַרהאַן אין תלמוד אויך אַנדערע אויסערונגען וועגען דער וועלט-פרידענס-צייט, וועלכע איך גיב פּאַר וויכטיג זיי דאָ צו פערעפענט-ליכען; דען ערשטענס וועלען זיי געבען אַ האַראַקטעריסטיק פון דער אַלעגאָ-רישער רעדענסאַרט (רעדענסאַרט דורך משלים אָדער רמזים) פון די חכמי-התלמוד, און צווייטענס ענטהאַלטען זיי אין זיך פיעל אינטערעסאַנטעס מאַטעריאַל וועגען אַלע מאָדערנע סאָציאַלע ענדערונגען, וואָס די וועלט באַזיכטיגט איצט פאָר-צונעמען.

## וועגען פעלקער־בונד ערקלערט דער תלמוד פאָלגענדעס:

„ביי דער איצטיגער וועלטס-אָרדנונג -- זאָגט גאָט, — האָבען זיך מיינע בע-שעפענישען, דורך זייערע שלעכטע איינבילדונג, דורך דעם „יצר-הרע"[58]) צער-

---

[57]) גענויערעס וועגען דעם, זעה ווייטער די בעמערקונג צום אויסדרוק „גדולה צדקה שמקרבת את הגאולה".

[58]) דער אויסדרוק „יצר=הרע" בעדייטעט אין גאַנץ תנ"ך און אין תלמוד: „די שלעכ-טע איינבילדונג". — דעם דאָזיגען אויסדרוק האָבען די חכמי=התלמוד געוויס גענומען פון דער תורה, וועלכע ערקלערט: „אַז די איינבילדונג פון מענשענס האַרץ איז ביי איהם שלעכט פון זיין יוגענד אָן — „כי יצר לב האדם רע מנעוריו"... (בראשית ח—כ"א) און אַז: „די געדאַנקען=איינ-בילדונג פון מענשען איז אייביג נור שלעכט"... — „כי יצר=מחשבות לב האדם רק רע כל היום" (בראשית ו—ה). דער תלמוד ערקלערט זאָגאַר אויסדריקליך, וואָס עס איז אַזעלכעס דער „יצר=הרע" און אַזוי געפונט זיך אַ גמרא, וועלכע זאָגט, אַז דער „יצר=הרע" האָט זיבען נעמען; און אַ אַלדעס מין שלעכטעס, וואָס אַ מענש טהוט נור, דאָס איז זיין יצר הרע... אויך אַ פערשטאָפּט און אַ פערשטיינערט האַרץ פון אַ מענש אָדער זיינס אַ שלאַנגען-האַרץ, דאָס איז אויך דער יצר-הרע".. (זעה סוכה נ"ב די אויסערונג פון ר' יהושע בן לוי: „שבע שמות יש לו ליצר=הרע"). און דעריבער איז שוין פערשטענדליך, וואָס דער תלמוד ערקלערט דאָרט-זעלבסט, אַז: „אין דער

טיילט, און זיך געשפּאָלטען אַזש אין זיבעציג פעלקער — אין דער צוקונפטס-וועלט אָבער, אין דער אַזוי-גערופענער „עולם-הבא-צייט"[59]), וועלען זיך אַלע נאַציאָנען מיר צוליעב פעראייניגען אין איין אַלגעמיינעם פעלקער-בונד, און דאַן וועט אויך שוין אויפהערען די פערשקלאַפונג פון די יודען דורך די פעלקער..."

„בעולם הזה על ידי „יצר-הרע" חלקו בריותי ונחלקו לשבעים אומות — אבל לעולם-הבא משוין כולם כתף אחד לקרוא בשמי, ויבטל שעבוד האומות מישראל..." (מדרש תנחומא נ"ח—כ"ב)

## וועגען דער פערניכטונג פון מיליטאַריזם ווינקט דער תלמוד אַזוי אָן:

„אַ יוד — זאָגט די משנה — טאָר שבת ניט טראָגען: ניט קיין שווערד, ניט קיין בויגען, ניט קיין פאַנצער, ניט קיין שפּיעז און איבערהויפּט קיין שום געוועהר ניט, — ווייל נור צירונג מעג מען טראָגען אום שבת, אָבער ניט גע-וועהר; דען דאָס מין „געוועהר" איז נור דער שאַנד-צייכען פון'ם מענש... און דעריבער וועט עס טאַקי סקאַסירט ווערען אין דער משיח-עפּאָכע..."

„לא יצא האיש בשבת: לא בסייף, ולא בקשת, לא בתריס, ולא ברומח, ולא באלה; מפני שאינם אלא לגנאי וכו'. — ובטלין לימות המשיח'... (שבת ס"ג)

עהנליכעס געפונט מען אויך אין מדרש אָנגעדויטעט:

„דאָס מין „מלחמה", וועלכעס פיהרט כסדר פון געשלעכט צו געשלעכט, וועט עקזיסטירען נור ביז צו דער משיח-עפּאָכע"... — „מלחמה לה' בעמלק[60]) מדור דור — עד דורו של מלך-המשיח"... (תנחומא תצא—ט"ו)

## וועגען ניט אויסשליסען קיין שום פאָלק פון פעלקער-בונד זאָגט דער תלמוד אַזוי:

### אויך מצרים און זאָגאַר דאָס קעניגרייך אדום[61]) וועלען אין דער צוקונפט

---

צוקונפטס-וועלט וועט גאָט נעמען דעם יצר-הרע און וועט איהם שחט'ן"... (פערניכטען) — „לעתיד מביא הקב"ה ליצר-הרע ושוחטו"... (סוכה נ"ב). דער תלמוד וויל נור מיט די אַלע אַרט אויסע-רונגען ערקלערען, אַז די פּאַרצייטישע שלעכטע מענשליכע איינבילדונגען און פּאָראורטיילע וועלען אין דער צוקונפט מוזען בּזייטיגט ווערען דורך נייערע און מאָדערנערע בעגריפען...

[59]) וועגען דעם אויסדרוק „עולם-הבא", אלס תלמודישע בעצייכנונג אויף אַ שענערע און בעסערע וועלט-אָרדנונג, זעה וויסער דאָס קאַפּיטל „עולם הבא און תחיית המתים".

[60]) זעה פריהער די בעמערקונג 42 צום תלמודישען אויסדרוק: „ילמדו כל אדם דרך ארץ מעמלק וכו'".

[61]) דער אויסדרוק „אדום" ווערט אין גאַנץ תלמוד אָנגעווענדט אויף יענער שלעכטער מלוכה, אונטער וועמעס הערשאַפט די יודען וועלען פאַר דער גאולה אמערגסטען ליידען. אָפט ווערט אויך אין תלמוד די דאָזיגע שלעכטע מלוכה אָנגערופען „מלכות הרשעה" אָדער „מלכות רביעית" (די פירטע מלוכה). וויל לויט'ן תלמוד ווערט דער יודישער גלות געטיילט אין 4 עפּאָכען: בבל, מדי, יון און אדום. — די חכמי-התלמוד האָבען אפנים איהם דעריבער אָנגערופען „אדום", וויל אויך כמעט אַלע נביאים האָבען איהם אַזוי גערופען. דער נאָמען „אדום" שטאַמט פון דער תורה, וועלכע רופט אָן עשו'ן מיט דעם דאָזיגען נאָמען („עשו הוא אדום" בראשית ל"ו—א', גם ח') און וויל אין פּאָעטישען זין הייסט דער יודישער גלות „די פערשקלאַפונג פון יעקב'ן ביי עשו'ן", האָבען דעריבער אונזערע פּאָעטען, דעם יודישען פערשקלאַפער אויך אָנגערופען מיט זיין פּאָעטישען נאָמען („אדום") — דער „בלוטיג-רויטער"...

ברייננען א מתנה משיח'ן. תחלת וועט משיח מיינען, אז מ'דאַרף דאָס געשענק פון „זיי" ניט אָננעמען — גאָט וועט איהם אָבער ערקלעהרען, אז מען מוז אַזעלכעס אויך פון זיי אָננעמען"...

„עתידה מצרים שתביא „דורן" למלך המשיח. כסבור אינו מקבל מהם... אמר לו הקב"ה: קבל מהם! וכו' נשא מלכות אדום קל וחומר בעצמה" וכו'. (פסחים קי"ח)

אז די חכמי-התלמוד האָבען מיט דעם אויסדרוק „דורן" (אַ מתנה) ניט געמיינט אַ גלאַט פשוט'ען געשאַנק, נור אַ פּאָליטישען וואונק, דאָס איז דוכט זיך איבריג צו ערקלערען. איבריגענס ברויכט מען זיך וועגען דעם גאָר ניט אריינצולאָזען אין השערות און אין ספקות — דען עס געניגט נאָכצוזעהען ווייטער דעם תלמודישען אויסדרוק „עתידים כל האומות להביא הם בעצמם דורונות למלך המשיח"... — „די פעלקער וועלען זיך אַליין ברייננען אַלס מתנות צו משיח'ן, כדי צו וויסען וועגען וואָס דאָ האַנדעלט זיך"...

די חכמי-התלמוד האָבען אַ פנים אומישנע בעטאָנט די נעהמען פון אָט די צוויי מלוכות, כדי דאַמיט נור צו ערקלערען, אַז זאָגאַר די געוועזענע ערגסטע רעגיערונגען,[62] וועלען אויך ניט ווערען אויסגעשלאָסען פונ'ם פעלקער-בונד, וועלכע וועט איינגעריכטעט ווערען אין דער משיח-צייט.

## וועגען אַ נייער אָריענטאַציע פון דער מענשהייט געפונט מען אין תלמוד פאָלגענדעס:

„אין דער צוקונפטס-עפּאָכע — זאָגט דער מדרש — וועט גאָט פאַר אַלעם צוערשט היילען „די בלינדע"... דען זייער „ליידען" איז זעהר גרויס"...

„לעתיד הקב"ה מרפא את „העורים" ראשונה, מפני שצערן גדול"... (מדרש קהלת גם ילקוט).

דאָסזעלבע, נור מיט אַנדערע ווערטער, געפונט מען נאָך אויף אַ צווייט אָרט.

„אין דער משיח-עפּאָכע — ערקלערט דער מדרש — וועט די מענשהייט ערשט ריכטיג קענען אַ נטערשיידען צווישען דעם „צוקונפטס-ליכט" און צווישען די „פערגאַנגענע פינסטערניש"..."

„בימי משיח יראו ההבדל בין „אור העתיד" ובין „החושך שעבר"..." (ב"ר פ"ג, סימן ה', על פסוק יהי מאורות)

די חכמי-התלמוד מיינען מיט אַזעלכע אויסערונגען פשוט צו ערקלערען, אַז אין דער צוקונפט וועלען די אַרט מענשען וועלכע זיינען קראַנק אויף זייער „זעה-קראַפט" און ווילען ניט איינזעהען, אַז די וועלט מוז האָבען אַ „נייע, מאָדערן ליכט" — אָט די „בלינדע מענשען"... וועלען דאָס ערשטע מוזען געהיילט ווערען... און דאַן ערשט וועלען זיי קאָנען לייכט אונטערשיידען צווישען „ליכט" און „פינסטערניש".[63]

---

[62] ווי בעוואוסט איז „מצרים" געוועזען די ערשטע און „אדום" דאַרף לויט מסורה זיין די לעצטע פון די מלוכות, פון וועלכע דאָס יודישע פאָלק וועט אָם ערגסטען ליידען.

[63] דאָס זעלבע וויקען אויך אָן די חכמי-התלמוד אויף אַן אַנדער אָרט: „אין דער צוקונפטס-וועלט — זאָגט די פסיקתא — וועט גאָט צוזאַמען מיט'ן הימעל און ערד, משיח'ן אין ירושלים אויך בענייען דעם מענשענס האַרץ און זיין גייסט... (פסיקתא דר' כהנה-פיסקא דשוש אשיש).

## וועגען אָבשאַפען די „געהיימע דיפּלאָמאַטיע" געפונט מען אין תלמוד אַ זעהר חאַראַקטעריסטישען וואונק:

„אין דער צוקונפט — פערזיכערט דער תלמוד — וועט ניט עקזיסטיערען מעהר קיין שום מין „גיהנום"... נור גאָט וועט אַרויסציהען די „זון" פון איהר „בעהעלטעניש" און מיט דעם דאָזיגען מיטעל וועט ער משפט'ן די וועלט. • די „אומגערעכטע" וועלען אַזוי אַנאָך פעראורטיילט ווערען און די „גערעכטע" וועלען דאַדורך געהיילט ווערען"...

„אין גיהנום לעתיד לבוא. אלא הקב"ה מוציא „חמה" „מנרתיקה"... — רשעים נדונין בה, וצדיקים מתרפאים בה"... (עבודת זרה ג' גם נדרים ח')

דוכט זיך קורץ גערעדט, און דאָך וויפיעל טיעפזינניגקייט שטעקט אין די דאָזיגע ווערטער. דער תל וד גיט דייטליך אָן אָנצוגעהערען, אַז אין דער צוקונפט וועט מען זיך ניט מעהר „אָברעכענען" מיט אַ פאָלק דורך באַהאַלטענע מיטלען, דורך די פינסטערע גיהינום'ס, וועלכע יעדער פלעגט אַלץ פאָרצובּרייטען געגען דעם אַנדערן אין געהיים — ניין! דאָס וועט שוין מעהר ניט זיין; דען משפט'ען וועט מען אין דער צוקונפט אַלע גלייך, מיט איין עפענטליכעס און עהרליכעס מיטעל, — דורכ'ן מיטעל פון דער גערעכטיגקייט, וועלכעס דאַרף זיין פאַר אַלע גלייך, נוצליך און קלאָר ווי די זון... [64])

די דאָזיגע תלמודישע פאָראויסזאָגונג שטיצט זיך הויפטזעכליך אויף דער נבואה פון מלאכי-הנביא, וועלכער זאָגט פאָראויס, אַז „אין דער צוקונפטס-עפּאָכע וועט אויפשיינען פאַר דער מענשהייט די „זון פון גערעכטיגקייט"... און מיט איהר וועט אויך קומען אַ היילונג פאַר דער וועלט". — „וזרחה לכם יראי-שמי „שמש-צדקה"; ומרפא בכנפי'..." (מלאכי ג'—כ"ג)

דאָסזעלבע ווינקט אָן דער תלמוד אויך מיט פאָלגענדען אויסדרוק: „שמש מעין עולם הבא"... (ברכות נ"ז) — „די זון (די גערעכטיגקייט) האָט אין זיך עפּעס עהנליכעס צו דער צוקונפטס-עפּאָכע"... (זעה בעמערקונג 64)

## וועגען דער צוקינפטיגער פינאַנס=לאַגע ערקלערט דער תלמוד אַזוי:

„אַלע געלדער פליעסען דאָך געוועהנליך אַריין אין די קעניגליכע שאַץ קאַמערס. זיי אָבער, די קעניגליכע אוצרות, ווערען גאָר קיינמאָל ניט פול דען זייערע אויגען קענען זיך קיינמאָל ניט גענוג אָנזעטיגען... אין משיח'ס צייטען אָבער, וועלען די אַלע געלדער צוריקגעהן צו דעם אָרט פון וואַנען זיי זיינען געקומען, ווייל די רעגיערונגען וועלען עס דאַן מוזען אומקעהרען דער מענשהייט"...

---

[64]) אין פּאָעטישען זין ווערט דאָס וואָרט „שמש" אָדער „חמה" (זון) געברויכט אויפ'ן אָרט פון „גערעכטיגקייט". און אַזוי ערקלערט דער תלמוד בפירוש, אַז דאָס, וואָס די תורה זאָגט ביי דעם געזעץ וועגען אַ גנב „אם זרחה „השמש" עליו" — מיינט מען ניט, אַז די „זון" זאָל עס טאַקי מוזען אויף איהם אַרויפשיינען, נור מ'מיינט אַז אויב די „גערעכטיגקייט" איז מיט איהם. — „וכי השמש עליו בלבד זרחה? אלא אם ברור לך הדבר כשמש"... (סנהדרין ע"ב)

אויך געפּנען מיר אין תהלים אין פּאָעטישען זין דאָס וואָרט „שמש". — „שמש ומגן ה'" (תהלים פ"ד), וועלכעס בעדייטעט, אַז „גאָט איז די זון" (די גערעכטיגקייט) און דער „פּאַנצער" (וועלכער שיצט אַלע...)

„כל הממון אינו עולה אלא לאוצר המלכות, והמלכות אינו מתמלא, דכתיב: „ועיני אדם לא תשבענה"... — אל מקום שמשם הממון הולך, שם הם שבים ללכת — שמחזירין אותם לעתיד לבוא"... (בראשית-רבה גם ילקוט על פסוק: „כל הנחלים הולכים אל הים" וכו'.)

## וועגען דעם בעסערן לעבען פון יודישען פאָלק געפונט מען פאָלגענדעס דערמאָנט:

„ניט ווי די ערשטע בעפרייאונג אייערע — פערזיכערן די חכמי-התלמוד די יודען — וועט זיין די לעצטע: נאָך דער ערשטער בעפרייאונג פון עגיפטען האָט איהר, יודען, נאָך געהאַט אי פערדרוס, אי זאָרג און פערשקלאַפונג פון די רעגיערונגען נאָך דער לעצטער גאולה אָבער, וועט איהר שוין דאָס אַלץ ניט מעהר האָבען"... [65])

„לא כגאולה ראשונה גאולה אחרונה: גאולה ראשונה היה לכם צער, דאגה ושעבוד-מלכיות אחריה — אבל גאולה אחרונה אין לכם צער, שעבוד ודאגה אחריה"... (ירושלמי, קדושין פ"א—שמו"ר פ' כ"ג—ילקוט תצ"ט)

בכלל אָבער צו מאַכען זיך אַ בעגריף, וואָס די חכמי-התלמוד האָבען געמיינט מיט'ן משיח-אידעאַל און מיט'ן פראָגראַם פון דער בעסערער צוקונפטס-עפּאָכע, מיט'ן אַזוי גערופענעם „עולם-הבא", דאָס קאָן מען אַמבעסטען אַרויסזעהען פון פאָלגענדער קורצער, אָבער זעהר אינהאַלטס-רייכער אַלעגאָרישער אויסערונג:

„אַז משיח וועט קומען — ערקלערט דער תלמוד — וועט גאָט צו איהם אַזוי זאָגען: „פערלאַנג פון מיר עפּעס, וועל איך עס דיר געבען". — דאַרויף וועט משיח ענטפערן: „איך פערלאַנג פון דיר, גאָט, גארניט חוץ „לעבען"..."

„משיח בן דוד שעתיד להתגלות במהרה בימינו אומר לו הקב"ה: שאל ממני דבר ואני אתן לך. — אומר לפניו: איני מבקש ממך דבר, אלא „חיים"..." (סוכה נ"ב)

דוכט זיך, אַז קיין גענויערע און קלאָרערע מיינונג וועגען דעם משיח-אידעאַל דאַרף מען שוין ניט; משיח — ער, דער ערלייזער פון דער וועלט, ער, דער בעפרייער פון דער וועלט און ער, דער צוקונפטיגער בעגליקער פון דער וועלט — איז ער אַליין וועט ניט פערלאַנגען פאַר דער וועלט עפּעס אַנדערש ווי „לעבען"... — „לעבען"! אָט דאָס וועט זיין דער דעוויז און דער ציעל פון משיח'ן; לעבען און עקזיסטענץ וועט ער ערקעמפּפען פאַר דער אונטערדריקטער מענשהייט און צושמעטערן וועט ער אַלץ, וואָס שטערט נור דער ענטוויקלונג פון לעבען.

---

[65]) און דאָס איז עס אויך דער זין פון דער גמרא, וועלכע ערקלערט, אַז אין דער צוקונפטס-עפּאָכע וועט מען שוין ניט מעהר דאַרפען צו מאַכען אויף אַ שלעכטע בשורה די ברכה: „ברוך דין אמת". דען פון דאַן אָן וועט שוין דאָס יודישע פאָלק קיין שום פערדרוס ניט מעהר האָבען און דעריבער וועט מען דאַן געברויכען נור די ברכה „ברוך הטוב והמטיב"... — „לא כעולם הזה עולם הבא: עולם הזה על בשורות רעות אומר: „ברוך דין אמת", ועל בשורות טובות „הטוב והמטיב", ובעולם הבא כולו „הטוב והמטיב"... (פסחים נ')

אַט אַזעלכע אַרט אַלעגאָרישע אויסערונגען און מיינונגען וועגען משיח׳ן און וועגען זיין צייט, געפונען זיך אין דער תּלמודישער ליטעראַטור זעהר פיעל — זיי דאַרפען נור ריכטיג פערשטאַנען און אויסגעטייטשט צו ווערען...

אין אַלגעמיין אָבער האָבען די חכמי־התּלמוד איינשטימיג ערקלערט, אַז די וועלט־פרידענס־צייט וועט זיין די שענסטע און גליקליכסטע עפּאָכע פון דער וועלט־געשיכטע — זיי דריקען זיך וועגען דעם אַזוי אויס:

„דער טאָג פון דער פעלקער־בעפרייאונג וועט פאַר דער וועלט אַזאַ גרויסע בעדייטונג האָבען, ווי דער טאָג פון דער גאַנצער וועלטס־שעפּפונג״.[66]

„גדול יום קבוץ גליות, כיום שנברא בו שמים וארץ״... (פסחים פ״ו)

דאָסזעלבע ערקלערט אויך דער זוהר אויף פאָלגענדער מיסטישער אַרט:

„דער טאָג, אין וועלכען גאָט וועט זיך לעתיד לבוא אויפס׳ניי דערפרייען מיט זיינע בעשעפּעניששען, וועט זיין אַזאַ גרויסער פרייד־טאָג, וועלכער איז נאָך ניט געווען זייט די וועלט איז בּאַשאַפען געוואָרען״.

„היום שישמח ה׳ עם בריותיו לא היתה שמחה כמותה מיום שנברא העולם״ (זוהר בראשית קי״ד)

דאָס זיינען עס די הויפּט־ציטאַטען פון די תּלמודישע אויסערונגען וועגען דער שעהנער צוקונפטס־עפּאָכע פון וועלטס־פרידען, וועלכע מיר רופען געווהנ־ליך אָן מיט׳ן נאָמען „משיח׳ס־צייט״.

---

# X.

# תּלמודישע אויפקלערונגען וועגען דער משיח-אידעע.

עס געפונען זיך אָבער אויך אין דער תּלמודישער ליטעראַטור פיעל אויסערונגען וועגען דער משיח-אידעע, וועלכע זיינען צוליעב זייער לאַקאָנישער (קורצער) אויסשפּראַכע, ניט אייביג ריכטיג פערשטאַנען געוואָרען. זעלבסטפערשטענדליך, אַז אַזעלכע אַרט האַלב־פערשטעלטע אויסערונגען, האָבען אויך געבראַכט צו די פערשיעדען־אַרטיגסטע אויסטייטשונגען פון זיי... און וואָס אַזעלכע אַרט „אויסטייטשונגען״ האָבען מיט דער צייט געמאַכט פון דער שעהנער און ערהאַבענער משיח-אידעע, דאָס קאָן מען זיך שוין אַליין פאָרשטעלען; שטאָט צו זיין דער אידעאַל פונ׳ם צוקינפטיגען וועלטס־פרידען מיט איינהייטס און גלייכהייטס־פּרינציפּען, איז זי, די משיח־אידעע, פּלוצלינג גאָר פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ מיסטיש־אַבער־

---

[66] עהנליכעס געפינט מען נאָך אויף אַן׳אַנדער אָרט אין תּלמוד: — „די וועלט איז ניט בעשאַפען געוואָרען צו עפּעס אַנדערש, ווי נור צו דער גליקליכער משיח־עפּאָכע״... — „לא אברי עלמא אלא למשיח״... (סנהדרין צ״ח).

גלויבישען בעגריף, לויט וועלכען די מענשהייט ווערט גאָר געטיילט אין פער־שיעדענע סעקטען און קלאַסען, פון וועלכע מאַנכע זיינען בעשטימט צו זיין אַמאָל די „יחסנים“ פון דער וועלט און אַנדערע ווידער — די „פ ע ר ש ט ו י ־ ס ע נ ע“ פון איהר... און ווי דער שטייגער איז, זיינען צו אַזעלכע אַרט בעג־ריפען מיט דער צייט נאָך צוגעקומען גאַנצע בערג מיט שילדערונגען און אוי־סערונגען, וועלכע האָבען ליידער די שעהנע עולם־הבא־עפּאָכע פערקאַריקאַטוזירט (פערקריפּעלט) און זי פערוואַנדעלט אין עפּעס אַ מאָדנע אונבעגרייפליך־פאַנ־טאַסטישע צייט...

און דעריבער איז שוין קיין וואונדער ניט, וואָס דער תלמוד האָט גע־מוזט אויף אַזעלכעס שטרענג רעאַגירען און האָט זיך געזעהען געצוואונגען איינמאָל פאַר אַ'עמאָל קאַטעגאָריש צו ערקלערען, אַז די משיח־אידעע איז ניט געשאַפען געוואָרען, כדי די מענשהייט צו צערשפּאַל־טען און זי פונאַנדערצוטיילען אין פערשיעדענע קלאַסען און גרופען. — נור פערקעהרט: זי איז געשאַפען געוואָרען, אום די מענשהייט נאָך פעסטער צו פעראייניגען דורך גלייכע און איינהייטליכע רעכט.

אָט דאָס איז עס די אורזאַכע, פאַרוואָס די חכמי־התלמוד האָבען געמוזט אויסדריקליך ערקלערען, אַז:

„אליהו הנביא[67]) וועט ניט קומען „אַוועקצו'פּסל'ן“ קיי־נעם, אָדער עמיצען צו „פּערהייליגען“... — ער וועט אויך ניט קומען עמיצען צו „דערווייטערן“ אָדער צו „דערנעהנ־טערן“... — דער צוועק פון זיין קומען וועט נור זיין: צו מאַכען פרידען אויף דער וועלט“.[68])

„אין אליהו בא לא „לטמא“, ולא „לטהר“... — לא „לרחק“, ולא לקרב“, אלא לעשות שלום בעולם“... (עדיות פ״ק שמיני)

דאָרטזעלבסט גיט נאָך דער תלמוד אויסדריקליך צו, אַז דער צוועק פון אליהו הנביא'ס ערשיינען וועט אויך זיין: אויפס'ניי גוט צו מאַכען אַלע עולות און אונגערעכטיגקייטען, וואָס די וועלט האָט געהאַט מיט געוואַלט אָנגעטהוען די קליינערע און שוואַכערע... די גמרא דריקט זיך וועגען דעם אַזוי אויס:

„אליהו הנביא וועט נור קומען צו דערווייטערן די יעניגע, וועלכע זיינען מיט געוואַלט דערנעהנטערט געוואָרען... און צו דערנעהנטערן די דאָזיגע, וואָס מ'האָט זיי מיט „מאַכט“ דערווייטערט“...

---

67) ווי כ'האָב שוין פריהער ערקלערט, געפונט זיך אין פראָגראַם פון דער משיח=אידעע אַ מסורה, אַז דער נביא אליהו איז בעשטימט געוואָרען אָנצוזאָגען דער וועלט די בשורת פון שלום. גענומען האָט זיך עס געוויס דערפון, וואָס אליהו איז דער איינציגער נביא, וועגען וועלכען עס ווערט געבראַכט, אַז ער איז ניט געשטאָרבען, נור אַ לעביגער איז ער אַרויף אין הימעל. און דאָס פראָפעצייהעט אויך אויסדריקליך מלאכי הנביא אין זיין לעצטער נבואה, וועלכע הויבט זיך אָן מיט די ווערטער: הנה אנכי שולח לכם את אליהו הנביא לפני בוא יום ה' הגדול והנורא וכו' (מלאכי ג'—כ״ג).

68) זעה פריהער דעם תלמודישען אויסדרוק „גדול הוא השלום וכו'.

„אין אליהו בא, אלא לרחק המקורבים בזרוע... ולקרב המרוחקים בזרוע"... (שם עדיות)

שיינט מיר, אז דייטליכער האָבען די חכמי־התלמוד וועגען דעם משיח־אידעאַל שוין ניט געקאָנט ערקלערען.

---

אויסער די דערמאָנטע אויסדריקע, געפונען זיך נאָך אין דער תלמודישער ליטעראַטור פיעל, זאָגאַר זעהר פיעל אויסערונגען וועגען משיח'ן אין זיין צייט, וועלכע, אויב מ'לייענט זיי „פשוטו כמשמעו", דאָס הייסט: אויב מ'פערשטעהט זיי נור אַזוי, ווי זיי זיינען געשריבען — קאָן זיי דער געוועהנליכער מענשען־פערשטאַנד כמעט גאָר ניט בעגרייפען... זעלבסטפערשטענדליך, אַז די אַרט לאַקאָנישע תלמודישע אויסערונגען (וועלכע זיינען ס'רוב צוליעב אינע־ליכע און אויסערליכע סבות... בכיון געשריבען געוואָרען אין אַזאַ אַלעגאָרישער פאָרם) דאַרפען אייביג פערשטאַנען צו ווערען ניט גלאַט אויבערפלעכליך.

ליידער זיינען אָבער ניט אייביג אַזעלכע טיעפזינניגע תלמודישע אויסערונגען ריכטיג פערשטאַנען געוואָרען. און דאָס ערגסטע דערפון איז נאָך דאָס, וואָס אויף די אַרט אויסערונגען זיינען אָפט נאָך צוגעקומען מאָדנע פרושים מיט פאַנטאַסטישע שילדערונגען, לויט וועלכע די אַמאָליגע שעהנע משיח־צייט ווערט גאָר פאַרגעשטעלט אין אַ עפּאָכע פון סאַמע אויסערגעוועהנליכע וואונדער מיט פיעל אוננאַטירליכע „נס־ים ונפלאות"...

אָט צוליעב דעם האָט עס דער תלמוד זיך געזעהען געצוואונגען אָפען און דייטליך צו ערקלערען, אַז:

„ס'וועט ניט זיין קיין אונטערשיעד צווישען דער איצטיגער וועלט און צווישען דער צוקינפטיגער, נור דאָס איינע, וואָס דענצמאָל, אין דער משיח־צייט, וועט מען מעהר ניט פערקנעכטעט און פערשקלאַפט זיין ביי די רעגיערונגען"... [69])

„אין בין עולם הזה לימות המשיח, אלא שיעבוד מלכיות בלבד"... (פסחים ס"ח—סנהדרין צ"ט—שבת ס"ג—ברכות ל"ד)

---

[69]) די זעלבע אויסערונג געפונט מען אין תלמוד נאָך אויף אַנ'אַנדער אָרט: „אין משיח'ס צייטען — זאָגט די גמרא — וועט מען מעהר ניט דע־מאָ ען וועגען דער אַמאָל גער גא־לה פון מצרים, נור וועגען דער נייער גאולה. — ניט דערפאַר וועט מען ניט דערמאָנען „מצ־ים", ווייל מצרים וועט ניט מעהר עקזיסטירען — ניין! דאָס וועט ניט געשעהן, דען די וועלט וועט בלייבען דיזעלבע, ווי פריהער; דאָס איינע אָבער וועט יאָ זיין: מ'וועט דאַן ניט מעהר פערשקלאַפט זיין ביי די רעגיערונגען"... (מכילתא בא — ט"ז — ברכות י"ב).

עהנליכעס געפונט מען אויך אין מדרש.

„אין דער צוקונפטס־וועלט וועט קיין שום נייעס ניט געשעהן, נור עס וועלען בלויס בענייט ווערען 10 זאַכען: „די היילענדע זון";... דער „קוואַל" פון ירושלים..., און זיינע „פרוכט־ביימער";... אַלע פערוויסטע שטעדט, דאַרונטער אויך ירושלים, וועלען צוריק אויפגעבויט־ווערען; די „קוה" מיט'ן „בער" וועלען זיך פאַשען צוזאַמען;... אַזוי, אַז אַלע „חיות" און „פייגיל" וועלען מיט די יודען שליסען אַ פרידענס־בונד;... ס'וועט ניט זיין מעהר קיין געוויין און קיין קלאָג אויף דער וועלט; דער „אייביגער־טויט" וועט פערשווינדען;... זאָרג און צרות וועלען מעהר ניט פאָרקומען ביי דער מענשהייט, און אַלע וועלען פון דאַן אָן שוין זיין גליקליך און צופרידען". (שמות רבה פ'—ט').

דיזעלבע מיינונג, נור מיט אַנדערע ווערטער, געפונט מען אויך אין מדרש.
„אַלץ וואָס גאָט וועט אַמאָל בעווייזען און בענייען אין זיין צוקונפטס-וועלט, האָט ער שוין אַ טייל דערפון איינגעריכטעט אין אונזערע פריהערדיגע עפּאָכען"...
„כל מה שעתיד הקב"ה לעשות ולחדש בעולמו לעתיד, הקדים ועשה מקצת בעולם הזה"... (מדרש קהלת)

און גאַנץ געוויס האָט צוליעב דעם זעלבען טעם אויך דער שפּעטערער יודישער געלעהרטער, דער רמב"ם, געפונען פאַר נויטיג דאָזעלבע נאָכאַמאָל אָפּען און דייטליך צו זאָגען.

„עס זאָל גאָר קיינעם ניט איינפאַלען צו מיינען — זאָגט מיימאָנידעס — אַז אין דער משיח-עפּאָכע וועט עפּעס געענדערט ווערען פון די נאַטירליכע וועלט-געזעצען, אָדער עס וועט געשעהען עפּעס אַ „וואונדער-נייעס" אין דער נאַטור... א. ז. וו. עס וועט נור דאַן זיין דאָס איינע, וואָס דאָס יודישע פאָלק וועט זיך שוין לעבען רוהיג און זיכער צווישען דער גאַנצער מענשהייט, וועלכע וועט דאַן אַנערקענען דעם „גלויבען פון וואַרהייט"... און וועלכע וועט ניט מעהר רויבען און ניט מעהר צערשטערען"...

„אל יעלה על הלב שבימות-המשיח יבטל דבר ממנהגו של עולם, או שיהי' שם חידוש במעשה-בראשית וכו'... — אלא ויהיו ישראל יושבין לבטח עם העכו"ם, ויחזקו כלם ל„דת-האמת"... ולא יגזלו ולא ישחיתו"... (רמב"ם מלכים י"א)

---

חוץ די אַלע ערקלערונגען געפונען זיך אויך אין דער תלמודישער ליטע-ראַטור פיעל אויסערונגען, וועלכע זיינען, ווי ס'ווייזט אויס דירעקט געזאָגט געוואָרען, כדי צו געבען דערמיט בפירוש צו פערשטעהן, אַז ניט אָן דער אויפפיהרונג פון „דער" אָדער „יענער" יודישער גרופּע... ווע[ט] זיין אָבהענגיג די גאולה פון יודישען פאָלק, נור די צייט אַליין וועט עס ברייננגען. — און אַזוי ערקלערט דער תלמוד אויסדריקליך:

„סיי די יודען וועלען יאָ תשובה טהוען און סיי ניט, קוים אָבער וועט נור אָנקו-מען די „ענד-צייט" (דער קץ), וועלען זיי באַלד אויסגעלייזט ווערען פון גלות".
„בין עושין תשובה ובין אין עושין תשובה, כיון שהגיע הקץ מיד נגאלין". (תנחומא בחקתי ג' סוף; שמות רבה כ"ה)

נאָך דייטליכער ערקלערט וועגען דעם דער תלמוד אויף אַנ'אַנדער אָרט:
„סיי די געוועזענע אויסגעשפּראָכענע צדיקים און סיי די אַמאָליגע אויס-געשפּראָכענע רשעים, אַלע צוזאַמען וועלען זיי עגאַל גוט און נוצליך ווערען אין דער צוקונפטס-וועלט"...
„צדיקים גמורים ורשעים גמורים אלו ואלו עתידים שיתנו „ריח-טוב" לעתיד לבוא"... (עירובין כ"א)

און גאַנץ געוויס האָט צוליעב דערזעלבער אורזאַכע דער תלמוד געמוזט ערקלערען, אַז:
„משיח וועט ניט קומען נור אין אַ דור, וואָס וועט זיין אינגאַנצען „גערעכט", אָדער אין אַ דור, וואָס וועט גענצליך „אומגערעכט" זיין"...
„אין משיח-בן-דוד בא, אלא בדור שכלו זכאי או בדור שכלו חייב"... (פסחים נ"ג)

עס איז אויך קיין שום ספק ניט, אַז צוליעב אַ גענויערער אויפקלערונג און כדי ס'זאָלען ניט ענטשטעהן קיין צופיעל פאַנטאַסטיש-איבערטריבענע מיינונגען, האָבען די חכמי-התלמוד געפונען פאַר נויטיג איינמאָל פאַר אַלע מאָל צו ערקלערען, אַז מיט דעם אויסדרוק „גוג ומגוג" מיינט מען ניט אַז דער שטיפטער פון וועלט-קריג וועט מוזען הייסען „גוג ומגוג"; און אַז מיט דעם אויסדרוק „בן-דוד" מיינט מען ניט, אַז משיח וועט דייקא מוזען הייסען „בן-דוד", דען עס זיינען נור סימבאָלישע אָנרופונגען...[70]). און דאַדורך איז שוין לייכט צו בעגרייפען, וואָס די חכמי-התלמוד ערקלערען אַזוי אָפען און דייטליך אַז:

„מיט דעם אויסדרוק „גוג ומגוג' מיינט מען עס די זיבציג פעלקער פון דער וועלט"...

„גוג ומגוג": הם שבעים אומות העולם... (מדרש תנחומא—קרח י"ג)

און אויך איז שוין לייכט פערשטענדליך, וואָס ריידענדיג אַזוי וועגען משיח'ן ערקלערען די חכמי-התלמוד, אַז משיח וועט אָנגערופען ווערען מיט פאָלגענדע אינטערעסאַנטע נעמען:

„משיח—זאָגט דער תלמוד—וועט הייסען דער „גליקס-ברייננגער", דער „ערהאַבענער", דער „ערבאַרמער", דער „טרייסטער", דער „פרידען" א. ז. וו."...

„מה שמו של משיח? דבי ר' שילא אמרו „שילה" שמו; דבי ר' ינאי אמרו „ינון"; דבי ר' חנינה אמרו „חנינה"; יש אומרים „מנחם" שמו וכו'... (סנהדרין צ"ח) — ר' יוסי הגלילי אומר „שלום שמו". (דרך ארץ—פרק השלום)

און ווייל „משיח" ווערט פאָרגעשטעלט אַלס דער בעגליקער, ערבאַרמער און פרידענס-ברייננגער פון ער וועלט, און „גוג-ומגוג", אַלס דער קריגס-העלד, וועלכער וועט די גרעסטע מפלה ערליידען, איז ממילא שוין ריכטיג, וואָס די גמרא ערקלערט אַז:

---

[70]) ווי ווייט די דאָזיגע נעמען זיינען נור סימבאָלישע אָנרופונגען, דאָס קאָן מען אַם דייט-ליכסטען ארויסזעהען פון פאָלגענדער תלמודישער אויסערונג:

ר' נחמן פרעגט ר' יצחק'ן: צו האָסט דו ניט געהערט ווען עס וועט קומען „בר נפלי"? — פרעגט איהם צוריק ר' יצחק: — „ווער איז דער „בר-נפלי"? ענטפערט איהם ר' נחמן: „מיט דעם אויסדרוק „בר-נפלי" מיין איך משיח'ן, וועלכער וועט צוריק אויפשטע-לען די איינגעפאַלענע יודישע געביידע. (דאָס וואָרט „בר" הייסט אין תלמודישען „דער זוהן" און „נפלי" „די געפאַלענע" — דער זוהן פון די געפאַלענע...)

ראָס זעלבע ערקלערט אויך דער תלמוד וועגען דעם בעוווסטען פסוק פון זכריה הנביא: „עני ורוכב על חמור"; די גמרא זאָגט, אַז מ'מיינט ניט, דאָס דער יודישער גואל וועט דייקא מוזען זיין אַן אָרימאַן, וועלכער וועט דאַרפען קומען דורכאויס אויף אַן אייזעל. עס איז נור—ער-קלערט די גמרא, א משל אויף דער געשווינדיגקייט פון זיין קומען: וועלען די יודען זוכה זיין, וועט ער קומען גיך ווי אויף וואָלקענס פון הימל — און אַז ניט, וועט ער קומען פּאַמעליך, ווי אויף אַן אייזעל... (סנהדרין צ"ח).

עהנליכעס ערקלערט דאָרט זעלבסט די גמרא אויף דעם פסוק פון ישעיה: „אני ה' בעתה אחישנה". „וועלען די יודען ווערט זיין, וועט גאָט צואיילען די גאולה, און אויב ניט, וועט ער זי ערשט ברייננגען אין איהר בעשטימטער צייט" (שם) „זכו, אחישנה — לא זכו, בעתה"...

זעה אויך (סנהדרין צ"ח) דעם תלמודישען אויסדרוק: „עתיד הקב"ה להעמיד להם דוד אחר"... — „גאָט וועט פאַר די יודען אויפשטעלען אַן אַנדערן דוד"...

„גאָט האָט געוואָלט מאַכען חזקיהו המלך אַלס יודישען משיח און סנחריב'ן, דעם קעניג פון אשור, אַלס גוג פון מגוג"...

„בקש הקב"ה לעשות חזקיה משיח, וסנחריב גוג ומגוג"... (סנהדרין צ"ד)

דען ווי בעוואוסט איז די רעגיערונגס-צייט פון יודישען קעניג חזקיה געווען פאַר'ן יודישען פאָלק איינע פון די גליקליכסטע עפּאָכען; אין יענער צייט האָט אויך דער יודישער בעדריקער, סנחריב, דער קעניג פון אשור, ערלעבט צו־זאַמען מיט זיינע פערבינדעטע פעלקער אַ אונגעהייערע מפּלה, פערליערענדיג אין איין איינציגער נאַכט 180 טויזענד פון זיינע סאָלדאַטען, וועלכע האָבען געהאַט בעלאַגערט יהודה.

---

אויסער דעם געפונט מען אין תלמוד נאָך פערשיעדענע אַנדערע אויסע־רונגען, וועלכע גיבען בפירוש צו פערשטעהן, אַז דאָס יודישע פאָלק און זייער אַמאָליג לאַנד וועט ניט דורך עפּעס אַנדערש בעפרייט ווערען, ווי נור דורך דעם „גערעכטיגקייטס־פּרינציפּ", וועל־כער וועט אַמאָל איינגעפיהרט ווערען אויף דער וועלט.

און אַזוי ערקלערען די חכמי־התלמוד אויסדריקליך:

„ירושלים וועט ניט דורך עפּעס אַנדערש אויסגעלייזט ווערען, ווי נור דורך דער גערעכטיגקייט"... [71])

„אין ירושלים נפדית אלא בצדקה"... (שבת קל"ח)

---

[71]) דאָס וואָרט „צדקה" ווערט אין גאַנץ תנ"ך נור אַלס אויסדרוק פון גערעכטיגקייט גע־בריכט; פאַר קיין פאַל אָבער ניט, אַלס אויסדרוק פון אַ „נדבה" אָדער פון „צדקה-געלד", ווי עס ווערט על פּי טעות אין יודישען פּריוואַט-געשפּרעך געבריכט. און ווען זאָגאַר מאַנכע פון די חכמי-התלמוד געברויכען דאָס וואָרט „צדקה" יאָ אַלס אויסדרוק פון אַ „אונטערשטיצונגס-נדבה" האָבען זיי עס אָבער ביי אַזעלכען פאַל, וואו עס רעדט זיך וועגען דער צוקונפט פון פאָלק ישראל אייביג נור געברויכט אין זין פון גערעכטיגקייט.

דער אויסדריק „צדקה" שטאַמט פון וואָרט „צדק" — גערעכטיגקייט. — „צדק, צדק תרדוף" און „בצדק תשפוט עמיתך" „נאָך גערעכטיגקייט זאָלסט דו אייביג לויפען און מיט גערעכטיגקייט זאָלסט דו משפּט'ן" זאָגט די תורה. זעלבסטפערשטענדליך, אַז מ'קען ניט זאָגען, אַז די תורה האָט געמיינט נאָכלויפען נאָך נדבות, אָדער מ'זאָל משפּט'ן יענעם מיט צדקה-געלד... — און דעריבער געפונט מען טאַקי אין גאַנץ תנ"ך נור דעם אויסדרוק „עשה צדקה" (טהוען גערעכטיגקייט) און ניט „געבען צדקה"... (געבען א נדבה) דאַדורך ווערט טאַקי דאָס וואָרט „צדקה" (גערעכטיגקייט) כמעט סרוב פערבונדען מיט דעם וואָרט „משפּט" — (רעכט) — און אַזוי געפינט מען אין משלי פאָל־גענדען אויסדרוק: „טוב מעט בצדקה, מרב תבואות בלא משפט" (משלי ט"ז — ח) — „עס איז בעסער אַביסעל מיט גערעכטיגקייט, איידער פיעל מיט אומגערעכט". — אויך זאָגט דניאל: „לך ה' הצדקה, ולנו בושת הפנים"... (דניאל ט—ז) „דו גאָט ביזט טאַקי גערעכט, נור מיר דאַרפען זיך צו שעמען"... — אויסער דעם געפונט מען אַזעלכע אויסדריקע: „אני מדבר בצדקה" (ישעי' ס"ג) „איך רעד מיט גערעכטיגקייט... „מעיל צדקה יעטני" (ישעי ס"א) „ער וועט מיך איינהילען אין אַ גערעכטיגקייטס־מאַנטעל"... „וצדקה תהי לנו — און אַ גערעכטיגקייט וועט עס זיין פון אונזער זייט — זאָגט משה רבינו — (דברים ו')

דאָסזעלבע איז אויך מיט'ן וואָרט „צדיק".

„צדיק" הייסט אין גאַנץ תנ"ך נור דער „גערעכטער מענש" — פאַר קיין פאַל אָבער ניט דער „פרומער", ווי עס ווערט על פי טעות אין יודישען פּריוואַט-געשפּרעך בענוצט. און אַזוי געפונען מיר אויסדריקליך בעטאָנט:

אויך געפונט מען וועגען דעם נאָך פאָלגענדע כאַראַקטעריסטישע אויסערונג:

„אין דער צייט, ווען משיח וועט קומען, וועט איהם גאָט אָנטהוען אַ „מאַנ-טעל פון גערעכטיגקייט"... א. ז. וו. און דער דאָזיגער „גערעכטיגקייטס-מאַנ-טעל" וועט „לייכטען" פון איין עק וועלט ביז צו דער אַנדערער און מיט דעם דאָזיגען „גערעכטיגקייט-ליכט"... וועט זיך עס טאַקי דאַן בענוצען אויך דאָס יודישע פאָלק"

„בשעה שמשיח יגלה, ילבושו הקב"ה „לבוש-צדקה וכו'... — והלבוש שעתיד הקב"ה להלביש למשיח, יהי' הולך ומבהיק מסוף העולם ועד סופו; וישראל משתמשים ל„אורו"..." (פסיקתא רבתי פרק ל"ז. גם פסדר"כ—שוש אשיש)

דיזעלבע מיינונג ערקלערען די חכמי-התלמוד אויף אַנ'אַנדער אָרט:

„גרויס איז די גערעכטיגקייט — זאָגט די גמרא — דען נור זי וועט עס דער-נעהנטערן די גאולה; ווייל נור מיט רעכט וועט אויסגעלייזט ווערען „ציון", און איהרע צוריקוואַנדערער מיט גערעכטיגקייט"...[72]

„גדולה צדקה שמקרבת את הגאולה. שנאמר: ציון במשפט תפדה ושביה בצדקה"... (שבת קל"ט, ב"ב—ו'. סנהדרין צ"ח)

---

מחשבות צדיקים: „משפט" — תחבלות רשעים: „מרמה"... (משלי י"ח) „דער גערעכטער מענש האָט אייביג נור אין זינען וועגען גערעכטיגקייט; ד'ר אומגערעכטער אָבער טראַכט שטענ-דיג נור וועגען פאַלשקייט"... אויך זאָגט דער פסוק: „צדיק הראשון בריבו: (משלי י"ח) „דער ער-שטער איז ביים בית-דין אייביג גערעכט"... „ונקי וצדיק אל תהרוג" — „דעם אונשולדיגען אָדער דעם גערעכטען זאָלסטו ניט הרג'נען (שמות כ"ג —)

דוכט זיך דאָס פון די אַלע ביישפיעלע זעהט מען קלאָר, אז דער אויסדרוק „צדיק" הייסט דער „גערעכטער" און דאָס געגענזאַץ פון איהם „רשע" הייסט: דער „אומגערעכטער". און דערי-בער מוז מען געדענקען, אז אומעטום, וואו מיר טרעפען נור אין תנ"ך*) דאָס וואָרט „צדקה" בעדייט עס די „גערעכטיגקייט". און דאָס וואָרט „צדיק" — „דער גערעכטער". „והצדיקו את הצדיק, והרשיעו את הרשע" (דברים כ"ה) „דאָס געריכט דאַרף גערעכט מאַכען דעם גערעכטען און בע-שולדיגען דעם אונגערעכטען".

---

*) איך זאָג „אין תנ"ך", ווייל אין תלמוד איז עס ניט אַזוי; דען די חכמי-התלמוד בענוי-צען זיך מיט דעם וואָרט „צדקה" אויך אַלס אויסדרוק פון א „געלד-אונטערשטיצונג" און מיט דעם וואָרט „צדיק", אַלס בעטאָנונג אויף אַ רעליגיעז-פרומען. — און אַזוי ערקלערט דער תלמוד אַליין פאָלגענדעס וועגען דעם:

„דער פסוק זאָגט: „לויבט דעם צדיק, ווען ער איז גוט" — צי איז דען פאַרהאַן — פרעגט די גמרא — אַ צדיק, וואָס איז גוט און אַ צדיק, וואָס איז ניט גוט"? — דערויף ענטפערט די גמרא אַזוי: „דער צדיק, וואָס איז גוט צו גאָט (אַ פרומער) און איז דערצו אויך גוט צו מענשען (אַ גערעכטער), אָט דאָס — זאָגט די גמרא — הייסט אַ גוטער צדיק; אָבער דער צדיק, וואָס איז בלויס גוט פאַר גאָט (אַ פרומער) און איז אָבער ניט גוט פאַר מענשען (אַ אומגערעכטער), דער איז ניט קיין גוטער צדיק"...

„אמרו צדיק כי טוב". וכי יש, צדיק טוב ואינו טוב? אלא: טוב לשמים וטוב לבריות, זה צדיק טוב; טוב לשמ ם ואינו טוב לבריות, זה צדיק שאינו טוב"... (קדושין מ')

[72]) אויף אַנ'אַנדער אָרט גיט נאָך דער תלמוד צו פאָלגענדע כאַראַקטעריסטישע ווערטער: „גרויס איז דער פרידען, דען ער איז איבערגעגעבען צו די, וואָס ווּעלען טהוען גערעכטיגקייט"...— „גדול הוא השלום שניתן לעושה צדקה"... (בבא בתרא ט')

עס איז קיין שום צווייפל ניט, אַז די דערמאָנטע תלמודישע ערקלערונגען זיינען געגעבען געוואָרען דורך די מעסיגערע חכמי-התלמוד, כדי עפענטליך צו פּראָטעסטירען געגען דער פּאָליטיק פון די דאַמאָליגע צוויי יודישע הויפּט-פּאַרטייען: די „קנאים" (נקמה-נעמערס...) און „פּרושים" („אָבגעזונדערטע"), וועלכע פלעגען זיך אויך צו רופען „נזירים" (אַסקעטען) — פיעל פון די חכמי-התלמוד האָבען אַפּנים ניט געהאַלטען פון די „קנאים'ס" פּלאַן, אַז די יודען זאָלען געהן צוריק ערראָבערן ארץ-ישראל מיט „מאַכט" און „קראַפט", ווי עס האָט זיך דאַן געשטעלט צו איהר אויפגאַבע, און האָט עס זאָגאַר אָפט געפּרוּווט פאַקטיש אויסצופיהרען די דאַמאָליגע יודישע קאַמפּפס-פּאַרטיי, די „קנאים".[73] — אויך האָבען פיעל חכמים, ווי ס'ווייזט אויס, ניט געוואָלט אַנערקענען די אידעע פון דער דאמאָליגער צווייטער יודישער פּאַרטיי, די „פּרושים", וועלכע האָבען דאַן כסדר געדרש'נט, אַז נור דורך מתפּלל זיין, פייניגען זיך און פאַסטען וועלען די יודען קאָנען צוריק קומען צו זייער לאַנד... — און דאַריבער האָבען זיי עס אַזוי אָפען און דייטליך דערמאַנט וועגען דעם גערעכטיגקייטס-פּרינציפּ, וועלכער וועט אַמאָל אויפס'ניי בעפרייען די יודען מיט זייער לאַנד; זיי האָבען פּשוט דאַמיט נור געוואָלט ערקלערען, אַז ניט מיט געוויין[74] און אויך ניט מיט געוואַלד[75] וועלען די יודען צוריקקומען צו זייער זעלבסטשטענדיגקייט, נור דורך דער גערעכטיגקייט, דורך דעם „צדקה-געזעץ", וועלכעס וועט אַמאָל בעהערשען די וועלט... דאַדורך ווערט אויך פערשטענדליך די תלמודישע מיינונג, אַז מ'זאָל צוליעב'ן חורבן ניט צופיעל טרויערן און פייניגען זיך אָבער אויך ניט צופיעל זיך בונטעווען און מורד זיין אָן די רעגיערונגען... (זעה די בעמערקונגען 74 און 75.)

---

חוץ די דערמאָנטע תלמודישע פּערזיכערונגען, געפונען זיך נאָך אין תלמוד איינגע אויסערונגען, אויף וועלכע עס איז כדאי זיך אַביסעל גענויער אָבצושטעלען; ווייל דורך זיי וועט דער לעזער קאָנען לייכט בעגרייפען, אַז ניט איי־

---

[73]) וועגען די אָפטע אויפשטענדע, בונטען און רעוואָלוציעס, וואָס די יודען פלעגען כסדר שטיפטען געגען זייערע אונטערדריקער, די גריכען און רוימער—דאָס איז, דוכט זיך, איבריג דאָ צו דערצעהלען; עס וועט נור גענוגען צו דערמאָנען, דאָס אויך די צוויי גרעסטע יודישע אויפשטענדע: דער אויפשטאַנד פון די „חשמונאים" געגען די גריכען און דער אויפשטאַנד פון „בר-כוכבא'ן" געגען די רוימער, אַז אָט די געוואַלדיגע אויפשטענדע זיינען אויך נור ענטשטאַנען דורך דער אַגיטאַציע פון דער יודישער קאַמפּפס-פּאַרטיי די „קנאים" (נקמה-נעמערס).

[74]) זעה וועגען דעם, דעם תלמודישען אויסדרוק „כשחרב הבית רבו פרושים בישראל שלא לאכול בשר ולא לשתות יין, אלא אין גוזרין גזירה על הצבור אלא אם כן רוב צבור יכולין לעמוד בה". (בבא בתרא ס') וואו עס ווערט דייטליך געזאָגט: אַז מ'דאַרף ניט, צוליעב דעם חורבן פון בית-המקדש, אַרויסגעבען אַ גזרה אויף קהל, ווי עס טוען די „פּרושים" אַז מ'זאָל ניט טרינקען קיין וויין און ניט עסען קיין פלייש"... א. ז. וו.

[75]) די זעלבע מיינונג ערקלערט דער תלמוד אויסדריקליך אויך דורך פאָלגענדען זאַץ: „גאָט האָט באַשווירען די יודען, אַז זיי זאָלען ניט איינגעמען ארץ-ישראל מיט שטורם... און אַז זיי זאָלען ניט מורד זיין אין די פעלקער... — „השביע הקב"ה את ישראל שלא יעלו בחומה... ושלא ימרדו באומות העולם". (כתובות קי"א)

ביג קאָן מען, און ניט שטענדיג מעג מען אויסטייטשען די ווערטער פון אונזערע קדמונים „פשוטו כמשמעו". דען וואָלט מען זיך ביי די דאָזיגע תלמודישע אויסערונגען געזאָלט וועלען האַלטען שטרענג נור אָן דער אויסגעשפּראָכענער וואָרטס-פאָרם — וואָלט, דוכט זיך, די גאַנצע משיח-אידעע, אויף וועלכער אונזערע חכמים האָבען אַזוי פיעל געוויכט געלייגט, און וועגען וועלכער זיי האָבען אייביג אַזוי פיעל געדרש'נט, געמאַכען געוואָרען מיט אַמאָל צו נישט און ווידערנישט. כּדי עס גענויער צו ערקלערען, וועל איך דאָ נאָכאַמאָל פאָלגענדעס דערמאָנען:

ווי כ'האָב אין אָנהויב פון דעם ווערק ערקלערט, טיילט זיך די יודישע משיח-אידעע אין צווייערליי בעגריפען; אין אַ „נאַציאָנאַל-רעליגיעזען" און אַ „סאָציאַל-וועלטליכען" משיח-בּגריף. — **לויט דעם נאַציאָנאַל-רעליגיעזען משיח-בעגריף וועלען אַלע ענדערונגען פון דער משיח-עפּאָכע פאָרקומען פאַר דער וועלט, נור אין זכות פון יודישען פאָלק...**[76]. **דאַגעגען לויטעט דער סאָציאַל-וועלטליכער משיח-בעגריף, אַז די וועלטס-פרייהייט וועט ענטשטעהן פאַר אַלע פעלקער, און ממילא אויך פאַר יודען... אין זין פון אָט די צוויי משיח-בעגריפען איז עס געטיילט און גאַנץ תלמוד די מיינונג וועגען דער משיח-צייט — אַטייל חכמים זיינען געווען אָנהענגער פונ'ם ערשטען משיח-בעגריף און אַטייל פונ'ם צווייטען.**

איינער פון די ענערגישסטע אָנהענגער פונ'ם נאַציאָנאַל-רעליגיעזען משיח-בעגריף איז געווען ר' גידל. — ער, ר' גידל, דריקט אויס זיין מיינונג דורך פאָלגענדען לאַקאָנישען (קורץ-אויסגעשפּראָכענעם) אויסדרוק:

„אמר ר' גידל אמר רב: עתידין ישראל דאכלי שני משיח"... (סנהדרין צ"ח)

„נור יודען אַליין[77]) — זאָגט ר' גידל — וועלען זיך עס אַמאָל „אָנזעטיגען" מיט די גליקליכע משיח-יאָהרען"...

דאַרויף ענטפערט ר' הלל, וועלכער איז געווען אַנ'אויסגעשפּראָכענער אָנהענגער פונ'ם סאָציאַל-וועלטליכען משיח-בעגריף, און ערקלערט זיין געגענגעזעצטע מיינונג דורך פאָלגענדע זעהר כאַראַקטעריסטישע אויסערונג:

„דאָס יודישע פאָלק — זאָגט ר' הלל — וועט ניט מעהר האָבען אַ משיח פאַר

---

[76]) די דאָזיגע מיינונג ווערט אין תלמוד אויף יעדען שריט און טריט בעטאָנט. אָט דייטליכסטען געפונען מיר עס אין „ספרי". ער זאָגט אַזוי: „דער פסוק ערקלעהרט, אַז: עס דרימעלט ניט און עס שלאָפט ניט דער היטער פון די יודען". — צו היט דען גאָט — פרעגט דער ספרי — בלויס די יודען, ער היט דאָך אויך די גאַנצע וועלט? — דאַרויף ערקלערט דער ספרי, אַז צוליעב דעם אָבהיטען די יודען ווערען אויך אָבגעהיט אַלע איבריגע פעלקער"... — (ספרי — עקב) דאָסזעלבע זאָגט אויך דער מדרש: „אמר הקב"ה לישראל: בשבילכם בראתי עולמי שאלמלא אתם — כל אותה טובה שהתקנתי לעתיד לבוא, למי הייתי נותנה?.. (מדרש שיר השירים גם ילקוט תהלים כ"ח) — מ'דאַרף אָבער ניט בעטראַכטען די אַלע אַרט אויסערונגען פאַר עפּעס ווילד-שאָוויניסטישע מיינונגען; דען עס זיינען, — ווי כ'האָב אין דער פאָררעדע ערקלערט — נור ליעב-אויסערונגען פאַר יודען, וועלכע זיינען געווען די ערשטע פערברייטער פונ'ם „מאָנאָטעאיזם".

[77]) דאָרטזעלבסט ערקלעהרט רש"י בפירוש, אַז „די זעטיגקייט, וועלכע וועט זיין אין יענער צייט, וועט זיין בלויס פאַר יודען"... — שובע שיהי' בימים ההם, לישראל יהי'"...

זיך אַליין; דען זיי, די יודען, האָבען דאָך זיך שוין אַמאָל אָנגעזעטיגט[78]) מיט די גליקליכע צייטען פון זייער קעניג חזקיה״... [79])
„אין להם משיח לישראל, שכבר אכלוהו בימי חזקיה״... (סנהדרין צ״ח—צ״ט)

משיח — מיינט ר׳ הלל — וועט קומען פאַר אַלע פעלקער פון דער וועלט, אָבער ניט בלויס פאַר יודען אַליין. קורץ גערעדט:ביידע, ר׳ גידל און ר׳ הלל, לייגען ביי די דאָזיגע אויסערונגען דאָס הויפט-געוויכט אויף דעם וואָרט „ישראל״; ר׳ גידל זאָגט: „נור יודען אליין״ און ר׳ הלל זאָגט: „ניט בלויס יודען אליין״...

דיזעלבע מיינונג פון ר׳ הלל׳ן געפונט מען אויך ביי פיעל אַנדערע פון די חכמי-התלמוד. אַלס ביישפּיעל וועל איך דאָ ברענגען אייניגע פון זיי. דער ירושלמי זאָגט אַזוי:

„ווען גאָט וועט געהן אין דער צוקונפט בעפרייען די יודען פון גלות, וועט ער עס ניט טהון מיט אַמאָל; דען, ווען דאָס דאָזיגע גליק וואָלט געקומען אויף די יודען צו פלוצלינג, וואָלט עס זיי נאָך געקאָנט שאַטען... נור וואָס דען וועט גאָט טהוען? — ער וועט עס טהוען בימלעכווייז: צוערשט וועט גאָט דערפרייען אַנדערע פעלקער און דערנאָך ערשט די יודען״.

„בשעה שהקב״ה מגלה שכינתו לעתיד על ישראל, אינו נגלה עליהם בפעם אחת, מפני שלא יכלו לעמוד באותה טובה ופתע פתאום ימותו... — אלא מה עושה הקב״ה? — נגלה עליהם קמעא-קמעא: בתחלה משיש את אחרים ואחר כך את ישראל״... (ירושלמי ברכות פ״א אגדה ג׳—תנחומא דברים א׳—מדרש שיר השירים, פסוק: „מי זאת הנשקפה״)

עהנליכעס צו דעם, פון וועלכען מ׳קאָן דייטליך אַרויסזעהען די הלל׳שע מיינונג, אַז משיח וועט אויך קומען פאַר אַלע פעלקער, ווערט אויך געבראַכט אין אַנ׳אנדערער פאָרם.

„אַלע פעלקער — זאָגט דער ילקוט — וועלען אין דער צוקונפטס-עפּאָכע

---

78) דעם אויסדרוק „זיך אָנזעטיגען״ (אכלוהו), האָט ר׳ הלל געוויס נור דאַפיר געברויכט, ווייל אויך זיין מיינונגס-געגנער, ר׳ גידל, האָט זיך מיט דעם דאָזיגען אויסדרוק בענוצט.

79) ווי בעוואוסט איז די רעגיערונגס-צייט פון דעם יודישען קעניג חזקיה, געווען פאַר׳ן יודישען פאָלק איינע פון זיינע שעהנסטע עקזיסטענץ עפּאָכען; חזקיה איז עס געווען דעריעניגער, וועלכער האָט אין זיך פערקערפּערט אַלץ, וואָס אַ יודישער קעניג דאַרף נור זיין דען אויסער וואָס ער איז געווען נאַציאָנאַל, רעליגיעז, בעשיידען און גוטהאַרציג, האָט ער אויך אָפיציעל פערניכטעט אַלע פרעמדע קולטען, וואָס זיין פאָטער, אחז, האָט געהאַט איינגעפיהרט. חוץ דעם האָט ער אויך צוריקגעשטעלט די פולשטענדיגע זעלבסטשטענדיגקייט פון יהודה און שלום געמאַכט מיט דער דינאַסטיע פון אפרים. דאַביי האָט ער צושמעטערט און אראָבגעוואָרפען דעם שווער-דריקענדען יאָך, וואָס האָט געהאַט געפרעסט זיין פאָלק דורך די פיינדליכע שכנים: די פלישתים, אדומים, ארם, מצרים און אשור. הויפּטזעכליך אָבער האָט ער בעגליקט זיין לאַנד און זיין פאָלק דורך דעם גלענצענדען זיעג, וואָס ער האָט געהאַט איבער סנחריב׳ן, דעם קעניג פון אשור, וועלכען ער האָט גענצליך פערניכטעט צוזאַמען מיט זיין ריעזען-אַרמעע און מיט אַלע זיינע פערבינדעטע פעלקער. און צוליעב דעם דאָזיגען גרויסען זיעג איז עס חזקיה אַזוי בעליעבט און בעריהמט געוואָרען, דאָס מ׳האָט איהם גערעכענט פאַר דעם יודישען משיח... (זעה פריהער דעם תלמודישען אויסדרוק: „ביקש הקב״ה לעשות חזקיה משיח, וסנחריב גוג ומגוג״ — זעה אויך דעם תלמודישען אויסדרוק „סנחריב בלבל את כל האומות״... (ידים ד׳).

ברייגנגען זיך אַליין אַלס „מתנות"[80] צום מלך-המשיח. און ווען זיי וועלען דאַן צו איהם קומען, וועט משיח צו די פעלקער אַזוי זאָגען: „צווישען אייך איז דאָך אויך פאַרהאַן דאָס יודישע פאָלק געהט-זשע און ברינגט אויך דאָס דאָזיגע פאָלק צו מיר... און צו יענער צייט וועט טאַקי דאָס יודישע פאָלק געבראַכט ווערען אַלס מתנה צו גאָט דורך די פעלקער פון דער וועלט"...

"עתידים כל האומות להביא הם בעצמם „דורונות" למלך המשיח, וכיון שהם באים למלך-המשיח, הוא אומר להם: „יש ביניכם ישראל — הביאו אותן לי", בעת ההיא יובל שי לה' שנאמר: והביאו את כל אחיכם מנחה לה'..." (ילקוט תהלים תתל"ח—שמו"ר, כ"ג—ירושלמי פ"ו)

פון די אַלע דערמאָנטע ציטאַטען זעהט מען דוכט זיך גאַנץ קלאָר און דייטליך, וואָס די חכמי-התלמוד האָבען מיט די אַרט אויסערונגען געמיינט, און וואָס זיי האָבען דאַמיט אויך בעצוועקען געוואָלט...

---

# XI.

# תלמודישע פאָראויסזאָגונגען וועגען אֶרֶץ-יִשְׂרָאֵל.

דעם גרעסטען געוויכט פון זייערע אַלע פאָראויסזאָגונגען, האָבען די חכמי-התלמוד געלייגט אויף די פאָראויסזאָגונגען וועגען ארץ-ישראל. איידער איך געה אָבער די דאָזיגע תלמודישע פאָראויסזאָגונגען דאָ אויסרעכענען, געפון איך פאַר נוצליך צוערשט נאָך פאָלגענדעס צו ערקלערען:

ווי מיר ווייסען, פלעגט פאַרצייטענס יעדער זיעגער צו נעמען די איינוואוינער פון דער בעזיגטער מלוכה און זיי מיט געוואַלד אַרויסטרייבען פון זייער לאַנד. חוץ דעם פלעגט ער אַוועקפיהרען אין געפאַנגענשאַפט די איידעלסטע בירגער פון דער איינגענומענער מלוכה און זיי פערקויפען אויף די ספעציעל עקזיסטירענדע שקלאַפען-מערק, אַלס דיענער און קנעכט. זעלבסטפערשטענדליך, אַז אַזאַ אויסגעמוטשעטער גלות-מענש — דיענענדיג ביי יענעם אַלס געפאַנגענער שקלאַף, און זייענדיג אייביג אין אַ פרעמדער סביבה — האָט, ווילענדיג ניט ווילענדיג, אויפגעהערט צו ריידען אויף זיין שפראַך, איבערגענומען די זיטטען פון דעם נייעם לאַנד און דאַדורך ממילא פערגעסען די נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע טראַדיציעס פון זיין פאָלק. און וואָס פאַר אַ וואונדער איז עס, ווען אַזאַ מענש האָט מיט דער צייט אויך גענצליך פערגעסען אָן זיין אייגען לאַנד, אָן זיין פאָלק און

---

[80]) די דאָזיגע תלמודישע אויסערונג בעציעט זיך געוויס אויף ישעיה הנביא'ס נביאה, וועלכע זאָגט פאָראויס, אַז:

אין דער צוקונפטס-צייט וועלען די רעגירונגען זיין די „ערציהער" פון יודישען פאָלק"...— „והיו מלכים אמניך"... (ישעיה מ"ד) און זיי וועלען ברינגען אייערע ברידער, וועלכע געפונען זיך צווישען אַלע פעלקער, אַלס „געשאַנק" פאַר גאָט"... — „והביאו את כל אחיכם מכל הגוים מנחה לה'... (ישעיה סו — כ').

זעה אויך ירושלמי פ"ו: „ועתידים אומות העולם להביא את ישראל סרדיוטות למלך המשיח"...

האָט זיך פולשטענדיג אַסימיליערט (אויסגעמישט) מיט די מענשען, צווישען וועל־כע ער האָט זיך איינגעלעבט.

דאָסזעלבע וואָלט געוויס אויך מיט די יודען געשעהען; דען, ווערענדיג פערטריבען פון ארץ־ישראל, און, זייענדיג צוואָרפען צווישען די אשור׳יער, בבל׳אָניער, פערסער, גריכען און רוימער, וואָלט אויך דאָס פאָלק ישראל—גראָד ווי אַלע אַנדערע דאַמאָליגע בעזיעגטע פעלקער—מיט דער צייט זיך גענצליך אַסימיליערט מיט די מענשען פון זייער נייער סביבה און וואָלטען אויך, ווי יענע, אויפגעהערט אַלס פאָלק צו עקזיסטירען.

צום גליק האָבען אָבער די דאַמאָליגע גייסטיגע פאָרשטעהער פון די יודען, די „אנשי־כנסת־הגדולה״ [81]) און זייערע נאָכפאָלגער, די „חכמי־התלמוד״, די דאָ־זיגע טרויריגע מעגליכקייט בייצייטענס פערכאַפט, און האָבען באַלד אין אָנ־הויב גלות אָנגענומען די נויטיגע געגען־מיטלען געגען דער דאָזיגער שרעקליכער פאָלקס־פערניכטענדער געפאַהר.

די וויכטיגסטע פון די דאָזיגע געגען־מיטלען זיינען געווען: די שטענדיגע דערמאַנונג אָן ארץ־ישראל, די אייביגע בענוצונג מיט דער העבּרעאישער שפּראַך און די שטרענגע דערהאַלטונג פון דער יודיש־מאָנאָטעאיסטישער רעליגיאָן. דאָס איז עס געווען דער הויפּט־ציעל פון די חכמי־התלמוד; דען דאַדורך, האָבען זיי געוואוסט, וועלען זיי אויך קאָנען די עקזיסטענץ פון פאָלק דערהאַלטען. און אין דעם זין האָבען זיי עס טאַקי זייערע בעוואוסטע פאָראויסזאָגונגען געזאָגט. אַזוי געפונען מיר אין תלמוד פאָלגענדען כאַראַקטעריסטישען אויסדרוק:

„יעדער יוד, וואָס וואוינט אין ארץ־ישראל, און יעדער, וואָס רעדט נור אויף לשון־הקודש, אויך יעדער, וואָס זאָגט צוויי מאָל אַ טאָג „שמע־ישראל״, [82]) דער קאָן זיכער זיין, אַז ער איז עס פון די עולם־הבא־מענשען״...

„כל הדר בארץ־ישראל, ומדבר בלשון־הקודש, וקורע שמע בבקר ובערב מובטח לו שהוא מחיי עולם הבא״... (ירושלמי שבת פ״א, הלכה ה׳—כתובות קי״א).

ווייטער ערקלערט דער תלמוד אַז:

„דאָס וואוינען אין ארץ־ישראל איז אַזוי גרויס און וויכטיג, דאָס ווער עס איז עס מקיים, איז גלייך, ווי ער וואָלט אָבגעהיט אַלע מצות פון דער תורה״...

און „ווער ס׳וואוינט אין ארץ־ישראל דעם איז מען שוין מוחל אַלע עבירות״...

דען דער, וואָס איז זאָגאַר אין ארץ־ישראל באַגראָבען איז שוין אַ בן עולם הבא״...

„ישיבת ארץ־ישראל שקולה כנגד כל המצות שבתורה״... (ספרי ח״ב פיסקא פ׳

---

[81]) די „אנשי כנסת הגדולה״ (די מענער פון דער גרויסער פערזאַמלונג״.) זיינען גע־ווען גייסטיגע יודישע פאָרשטעהער, וועלכע האָבען געלעבט אין דער עפּאָכע, ווען דער שטאַלץ און דער גלאַנץ פונ׳ם קעניגרייך יהודה האָט אָנגעהויבען פערדונקעלט צו ווערען. (אַנ׳ערך פון יאָהר 400 ביז 200 פאַר דער איצטיגער צייט־רעכנונג). צוזאַמען מיט זייערע פאָרגעגנער די „סופרים״, צו וועלכע עס האָט אויך געהערט עזרא הסופר, האָבען זיי איינגעפיהרט ביי יודען פיעל נייע נאַ־ציאָנאַל־רעליגיעזע אויסבעסערונגען, וועלכע האָבען שפּעטער דער עקזיסטענץ פונ׳ם יודישען פאָלק אויסערגעוועהנליכע דיענסטען געלייסטעט. (זעה ווייטער די בעמערקונג וועגען די יודישע תפלות).

[82]) וועגען דעם „שמע ישראל״, וועלכעס איז די הויפּט־פּאַראָלע פונ׳ם „מאָנאָטעאיזם״, וואָס די יודען האָבען פערברייטעט, זעה פריהער די בעמערקונג 13.

גם ב"ב כ"ו) — כל הדר בארץ-ישראל שרוי בלא עון"... (כתובות קי"א) „כל הקבור בארץ-ישראל הרי זה בן עולם הבא... (שם)

בכלל אָבער זעהט מען, אַז די גאַנצע אַרבייט פון די אנשי-כנסת-הגדולה און חכמי-התלמוד איז געווען אַ פּיער־פאַכע: צו דערהאַלטען דורך כל המיני-מיטלען די פעדעם, וועלכע האָבען פערבונדען די פערטריבענע יודען מיט זייער פאָלק און לאַנד; בעליבט צו מאַכען אַלץ, וואָס נור יודיש איז אין די אויגען פון זייערע פעריאָגטע און פערפּלאָגטע ברידער; אריינצוגעבען אין דער צוויטאָגטער יודישער נשמה אַ שטראַהלענדען האָפנונגס-גייסט אויף אַ בעסערער און גליקליכערער צוקונפט; און הויפטזעכליך ניט צוצולאָזען, אַז זייערע ליידענסגענאָססען זאָלען דורך די רדיפות אריינפאַלן אין אַ יאוש און פערצווייפלונגס־שטימונג. און ווייל דעם יוד פלעגט דאַן אַממעהרסטען אויסקומען צו ליידען פאַר זיין ליעבשאַפט צו זיין רעליגיאָן, פאַר זיין בענקשאַפט נאָך זיין לאַנד און פאַר זיין שטרעבען נאָך אַ בעסערע צוקונפט... האָבען די חכמים, — מורא האָבענדיג, אַז דאָס פאָלק זאָל צוליעב די רדיפות, טאַקי דיזעלבע דריי זאַכען ניט פערשטויסען,—געזוכט אַלע מיני מיטלען, אום זיי ביים יוד נאָך מעהר בעליעבט צו מאַכען. דעריבער איז שוין קיין וואונדער ניט, וואָס די חכמי-התלמוד האָבען זיך שטענדיג בעמיהט איינצוזאַפּען (איינצופלאַנצען) אין דער יודישער נשמה דאָס בעוואוסטזיין, אַז די ליידען, וואָס דער יוד ליידעט זיך צוליעב די דריי זאַכען אָן, זיינען נור צייטווייליגע, און אַז נור דורך די דאָזיגע יסורים וועט עס דער יוד צוקומען צו אַ בעסערער און גליקליכער צוקונפט.

און אַזוי ערקלערט דער תלמוד וועגען דעם פאָלגענדעס:

„דריי גוטע מתנות האָט גאָט געגעבען די יודען, און אַלע דריי האָט ער זיי נור געגעבען דורך יסורים. אָט דאָס זיינען זיי: די תורה, ארץ-ישראל און די צוקונפטס-וועלט"...

„שלש מתנות טובות נתן הקב"ה לישראל, וכלם לא נתן להם אלא על ידי יסורין ואלו הן: תורה, ארץ-ישראל ועולם הבא"... (ברכות ה'—מכילתא חודש י')

אויף אַן אַנדער שטעל געפונט מען אין תלמוד פאָלגענדע אויסערונג:

„וועלכער אַנדערער וועג פיהרט דען דעם מענש אַזוי צו, צו דעם לעבען פון אַ בעסערער צוקונפט, אַז ניט זיינע ליידען און יסורים"...?

„איזה דרך שמביאה את האדם לחיי עולם-הבא? הוי אומר אלו יסורין"... (מכילתא יתרו ו')

און געוויס האָבען די חכמי-התלמוד אויך צוליעב דעמזעלבען אויפמונטערונגס-צוועק ערקלערט אַז:

„דאָס וואָס גאָט האָט פערטריבען די יודען צווישען אַלע פעלקער און ניט אויף איין אָרט אַליין, דאָס האָט ער נור געטהון אַ טובה פאַר יודען"...

„צדקה עשה ה' עם ישראל שפזרן בין האומות"... (פסחים פ"ז) דען אויף איין אָרט, וואָלט דאָך דער שונא געקאָנט לייכט אַלע מיט אַמאָל אויסראָטען...

די אַלע אויפמונטערונגען זיינען אָבער בלויס געווען צייטווייליגע דערהאַל־טונגס־מיטלען. מ׳האָט אָבער בעדאַרפט געפינען עפּעס א גרעסערעס און א שטאַ־קערעס דערהאַלטונגס־מיטל — אַ מיטל, וועלכעס זאָל אימשטאַנד זיין צו ווירקען ל׳ובת דעם קיום פון יודישען פאָלק ניט בלויס צייטווייליג, נור אויך אויף דורות לאַנג. אָט דערצו האָבען זיך עס טאַקי גענומען אונזערע אַמאָליגע גייסטיגע פאָרשטעהער די „אנשי כנסת הגדולה״.

זעהענדיג ביים אָנהויב גלות, ווי די זעלבסטשטענדיגקייט פון יהודה הויבט אָן צו פערשווינדען, ווי עס נעמט אונטערגעהן דער נאַציאָנאַל־פּאָליטישער צענטער פון דער יודישער אומה און ווי פיעל פון פאָלק ישראל ווערען פערטריבען אָדער צולויפען זיך פון הייליגען לאַנד אויס מורא פאַר׳ן גרויזאַמען שונא — האָבען די „אנשי כנסת הגדולה״ גענומען איינריכטען איבעראַל אַזעלכע ארט קליינע יודישע צענטערס, די אַזוי גערופענע „בתי־כנסיות״ „ובתי־מדרשות״, וועלכע האָבען לפנים געטראָגען א כאַראַקטער פון „פערזאַמלונגס־ און שטודיומס־ערטער״ פאַר בלויס רעליגיעזי־גייסטיגע ענינים; אין דער אמת׳ן אָבער, זיינען די דאָזיגע „בתי־כנסיות ובתי־מדרשות״ געגרינדעט געוואָרען, כדי נאָך עפּעס צו בעצוועקען — פּשוט צו דערהאַלטען דאָס נאַציאָנאַל־פּאָליטישע בעוואוסטזיין ביים צושפּרייטען פאָלק ישראל. דען, מוזענדיג, לויט פעראָרדנונג פון די „אנשי כנסת הגדולה״, צוזאַמענקומען דריי מאָל אַ טאָג צום דאַווענען און צו די תפלות, וואָס זיי, די „אנשי כנסת הגדולה״ האָבען פאַר יודען צוזאַמענגע־שטעלט, און זייענדיג פערפליכטעט צו קומען אויך צו די דרשות און רעליגיעזע לעקציעס, וואָס פלעגען דאַן אין די פערזאַמלונגס־ערטער זעהר אָפט פאָרגעלייענט צו ווערען—האָבען די צוזייעטע און צושפּרייטע יודען זיך דאַדורך ממילא אַ ביסעל ענגער צוזאַמענגעהאַלטען. זעלבסטפערשטענדליך, אַז די דאָזיגע צוזאַמענ־האַלטונג פון די איינצעלנע קהלות, האָט אויך זעהר גוט געווירקט אויף דער צוזאַמענהאַלטונג פון גאַנצען פאָלק. חוץ דעם האָבען די תפלות און די רעליג־יעזע דינים, וואָס די אנשי כנסת הגדולה האָבען איינגעפיהרט[83]) זעהר פיעל

[83]) ביי דער געלעגענהייט, ווען מ׳רעדט דאָ גראָד וועגען די תפלות, וואָס די „אנשי כנ־ת הגדולה״ האָבען צוזויפגעשטעלט, איז כדאי אויך צו דערמאָנען וועגען דעם „קדיש״, וואָס זיי האָבען איינגעפיהרט צו זאָגען נאָך א פערשטאָרבענעם; דען דאדורך וועט מען לייכט בעגרייפען דאָס סיסטעם, מיט וועלכען אונזערע חכמים האָבען אַלץ געזוכט יעדען איינציגען אויפמונטערן און ניט אריינצולאָזען איהם אין א שטימונג פון יאוש און פערצווייפלונג.

ווי מיר זעהען, געפינט זיך ניט אין „קדיש״ קיין איינציג וואָרט וועגען טויט אָדער וועגען א טויטען, און דאָך האָבען איהם די חכמים פעראָרדענט צו זאָגען נאָך יעדען פערשטאָרבענעם. שטעלט זיך דאָך די פראַגע, וואָס האָבען דען די חכמים דערמיט געוואָלט בעצוועקען? ווען מ׳שטודירט אָבער גענוי דורך אַלע טרייסט און אויפמונטערונגס־ווערטער, וואָס זיי האָבען אייביג נעזאָגט דעם כלל—פערשטעהט מען, וואָס זיי האָבען געמיינט צו בעצוועקען מיט דעם קדיש אויך פאַרן יחיד. דען גראָד ווי די חכמים האָבען געשטרעבט צו פערהיטען, אַז פון די אַל־געמיינע צרות זאָל זיך ניט אריינחאַפּען א פערצווייפלונגס־געפיהל אין יודישען פאָלקס־אָרגאַניזם, אַזוי האָבען זיי זיך אויך בעמיעט עס צו פערהיטען ביי יעדען יחיד. און, מורא׳האָבענדיג טאָמער וועט דער מענש אין אזא טרויריגען מאָמענט, ווען ס׳איז איהם געשטאָרבען איינער פון זיינע

צוגעהאָלפען, אַז דער יוד זאָל קיינמאָל ניט פערגעסען, דאָס זיין היים און זיין לאַנד איז ניט דאָס גלות-לאַנד, וואו ער געפונט זיך אַצינד—נור דאָרט, אין ארץ-ישראל געפונט זיך עס זיין אמת׳דיג פאָטערלאַנד, נאָך וועלכען ער מוז אייביג בענגען און שטרעבען, און פון וועלכען ער דאַרף קיינמאָל זיין האָפנונג ניט אויפגעבען...

דען נור צו דעם צוועק, זאָגט דער תלמוד, זיינען עס נאָכ׳ן חורבן שטאָט די קרבנות, איינגעריכטעט געוואָרען די תפלות, כדי די יודען פון דער גאַנצער וועלט זאָלען זיך אייביג דערמאַנען אָן בית-המקדש. און צוליעב דעם האָבען זיי עס אויך פעראָרדנעט, אַז ביים דאַוונען זאָל דער יוד שטעהן מיט׳ן פנים צו מזרח,

„כדי אַלע יודען זאָלען אייביג אין זינען האָבען און אויך ממילא שטרעבען נור צו יענעם איינציגען אָרט — צו ירושלים״...

„נמצאו כל ישראל מכוונין לבם למקום אחד״... (ברכות ל׳)

און דאָס איז עס אויך דער זין פון די בעוואוסטע תלמודישע אויסערונגען:

„עתידין בתי כנסיות ובתי מדרשות שבחוץ לארץ שיקבעו בארץ ישראל״ (מגילה כ״ט)

„די בתי כנסיות און בתי מדרשות, וואָס זיינען איינגעריכטעט געוואָרען אין אַנדערע לענדער, זיי וועלען עס אין דער צוקונפט אויך איינגעריכטעט ווערען אין ארץ-ישראל״...

דען וואָלטען די אנשי כנסת הגדולה דאָס דאָזיגע נישט איינגעריכטעט, וואָלטען מיר ש׳ין זיכער ניט מעהר געהאַט צו חלום׳ן פון אַ ארץ-ישראל; מיר וואָלטען שוין לאַנג ניט מעהר עקזיסטירט...

עהנליכעס ווינקען אויך די חכמי-התלמוד אָ מיט אַנ׳אַנדער לשון:

„די בתי-מדרשות און בתי-כנסיות — דאָס זיינען עס די יודישע מויערן און די פעסטונגען זייערע״...

„אני חומה ושדי כמגדלות: זו בתי כנסיות ובתי מדרשות״... (פסחים פ״ז גם מדרש שיר השירים)

ווייל נור דורך דעם איז עס דער יוד אימשטאַנד געווען צו זיין אייביג אַזוי ווידערשטאַנדספעהיג געגען אַלע רדיפות און פערפאָלגונגען פון זיינע שונאים. און דאָס איז עס טאַקי דער טעם, וואָס די חכמים האָבען ערקלערט, אַז

„די בתי-מדרשות און בתי-כנסיות זיינען פאַר יודען דאָס-זעלבע, ווי דער בית-המקדש אין מיניאַטור-פאָרם״...

„בתי-כנסיות ובתי-מדרשות זה מקדש מעט״... (מגילה כ״ט. זעה ווייטער דעם אויך ברכות ח׳)

דען די אַלע קליינע יודישע צענטערס האָבען דאָך שטענדיג דערמאַנט דאָס פאָלק ישראל אויך אָן זיין גרויסען צענטער—אָן „דעם בית-המקדש״, און ממילא האָט ער אייביג אויך געדענקט אָן זיין רעזידענץ-שטאָדט, „ירושלים״, און אָן זיין הייליג לאַנד, „ארץ-ישראל״.

---

גאָהענסטע, אריינפאַלען אין אַ פערצווייפלונג און האָפנונגסלאָזע שטימונג, וואָס עס קאָן אויך שלעכט הירקען אויפ׳ן כלל — האָבען זיי, די חכמים, צוזאַמענגעשטעל׳ט ספעציעל דעם קדיש, וועלכעס איז אַ תפלה פול מיט לויב פאַר׳ן איינציגען גאָט און מיט האָפנונגס און טרייסט ווערטער אויף אַ בעסערע צוקונפט פאַרן גאַנצען פאָלק און ממילא אויך פאַר׳ן יחיד... (ויצמח פורקניה ויקרב משיחיה...!

דאָסזעלבע געפונט מען אויסדריקליך אין מדרש:

„אני ישנה, ולבי ער" — אמרה כנסת-ישראל: אני ישנה מבית-המקדש, ולבי ער בבתי-כנסיות ומדרשות... (מדרש רבה)

„דאָס יודישע פאָלק זאָגט אַזוי: חאָטש צוליעב'ן חורבן פון בית-המקדש „שלאָף" איך, דאָך דורך די בתי-כנסיות און בתי-מדרשות וואַכט מיין הארץ"...

און דאַדורך ווערט שוין פערשטענדליך, וואָס אונזערע חכמי-התלמוד האָבען אייביג אַזאַ שטאַרקען געוויכט געלייגט אויף דעם דאַוונען מיט מנין בצבור; דען דאָס איז דאַן באמת געווען דאָס בעסטע מיטעל צו דערהאַלטען דאָס יודישע פאָלק. און אַזוי ערקלערט די גמרא אויסדריקליך, אַז:

„ווער ס'דאַוונט מיט מנין — אויף דעם קאָן מען דרייסט זאָגען, אַז ער לייזט אויס פון גלות די שכינה צוזאַמען מיט'ן יודישען פאָלק"...

„כל המתפלל עם הצבור מעלה עליו ה' כאלו פדא את השכינה ואת בני ישראל מבין אומות העולם"... (ברכות ח')

פון די אַלע דערמאָנטע דערהאַלטונגס-מיטלען האָבען זיך אָבער די חכמי-התלמוד אַממעהרסטען בעמיהט צו פערברייטען צווישען פאָלק די בענקשאַפט נאָך ארץ-ישראל; דען נור דאַדורך, זיינען זיי זיכער געווען, וועט דאָס יודישע פאָלק קיינמאָל ניט אונטערגעהן קענען. און דעריבער זאָגען זיי עס, אַז:

„אַלדעס גוטס, וואָס עס וועט נור אַמאָל קומען אויפ'ן יודישען פאָלק: אַלע זיינע ברכות און טרייסט — ערקלערט דער מדרש — וועלען ניט קומען צו-ליב עפעס אַנדערש, ווי נור צוליעב ציון"...

„אמר ר' לוי: כל פעולות טובות, כל הברכות והנחמות שעתיד הקב"ה ליתן לישראל אינם אלא מציון"... (ויקרא רבה כ"ד. גם פסיקתא רבתא ויקרא)

אָט אַזוי זיכער זיינען עס די חכמי-התלמוד געווען, אַז דורך דעם ניט פערגעסען אָן זיין לאַנד, וועט אויך דאָס יודישע פאָלק קייגמאָל ניט פערגעסען קענען, אַז עס איז נאָך אַ פאָלק... — חאַראַקטעריסטיש איז אויך דאָס, וואָס כמעט אייביג האָבען די חכמי-התלמוד ענג פערבונדען די בעפרייאונג פון די יודען און זייער לאַנד, מיט דער בעפרייאונג פון דער גאַנצער צוקונפטס-וועלט. און אַזוי אויסערט זיך דער תלמוד וועגען דעם אויף פאָלגענדער אַרט:

„זעקס גוטע זאַכען וועט גאָט אונז, יודען, געבען אין דער צוקונפט: ארץ ישראל, עולם-הבא, די מלוכה פון דוד'ס דינאַסטיע, אַ נייע וועלט... כהונה און לויה און אַלדעס גוטס"...

„עתיד הקב"ה ליתן לנו שש מדות טובות: ארץ-ישראל, עולם-הבא, מלכות בית דוד, עולם חדש, כהונה ולויה וכל הטובה... (מכילתא בשלח ס"ד)

עהנליכעס געפונט מען אויך אויסגעדריקט אין אַ אַנדערער פאָרם:

„זעקס זאַ-ען — זאָגט ר' לוי — וועט גאָט בענייען אין דער צוקונפטס-וועלט: דעם הימעל מיט דער ערד, דאָס האַרץ און דעם גייסט... דעם נאָמען פון משיח'ן און דעם נאָמען פון ירושלים"...

„ששה דברים עתיד הקב"ה לחדש לעתיד-לבוא; — ואלו הן: שמים וארץ, לב ורוח, שמו של משיח ושמה של ירושלים"... (פסיקתא דר"כ סוף פיסקא דשוש אשיש)

דאָס מערקווירדיגסטע פון דעם אַלעם איז אָבער דאָס, וואָס אויך דאָ, ביי די פּאָראויסזאָגונגען וועגען ארץ-ישראל, זעהט מען אויך דייטליך אַרויס די דואַליסטישע (צוויי-אַרטיגע) משיח-אידעע: די נאַציאָנאַל-רעליגיעזע און די סאָציאַל-וועלטליכע, וועגען וועלכער איך האָב שוין פריהער דערמאָנט.

און אַזוי זיינען די אָנהענגער פונ'ם נאַציאָנאַל-רעליגיעזען משיח-בעגריף געוועזען אין דער מיינונג, אַז צוערשט וועט אין דער צוקונפט בעגייט ווערען דער רעליגיעזער קולט פון יודישען פאָלק, און דערנאָך ערשט זיין פּאָליטיש-ווירטשאַפטליכעס לעבען; דאַגעגען זיינען די פערברייטער פונ'ם סאָציאַל-וועלט-ליכען משיח-בעגריף געווען דער אַנזיכט, דאָס צוערשט וועט קומען די בע-פרייאונג פון דעם יודישען פאָלק, און דאַן ערשט די צוריקשטעלונג פון זיין הייליגער שטאָדט ירושלים...

און אַזוי ערקלערען מאַנכע פון די חכמי-התלמוד, אַז:

„דער בית-המקדש וועט אין דער צוקונפטס-וועלט אויפגעבויעט ווערען פאַר דער צוריקשטעלונג פון דער יודישער זעלבסטשטענדיגקייט"...[84])

„ר' אחא אומר: בית המקדש עתיד להבנות קודם למלכות בית דוד"..
(ירושלמי מעשר שני פ"ה הלכה ג').

דאַגעגען בעטאָנען ווידער אַנדערע תלמודיסטען, אַז:

„מיר האָבען אַ מסורה, דאָס ירושלים וועט ניט פריהער אויפגעבויט ווערען, ביז עס וועט ניט צונויפגעזאַמעלט ווערען דער גאַנצער גלות"...[85])

„אמר ר' שמואל בר נחמני: מסורת אגדה היא, שאין ירושלים נבנית, עד שיתכנסו כל הגליות"... (מדרש תנחומא נח — י"ז)

אָט אין דעם זין זיינען עס געטיילט די מיינונגען פון די חכמי-התלמוד וועגען דער צוקונפט פון ארץ-ישראל[86]). אין אַלגעמיין זאָגען אָבער אַלע חכמי-התלמוד פאָראויס, אַז אין עקאָנאָמיש-ווירט-

---

[84]) דאָסזעלבע געפונט מען אויך אין מדרש: „בנין בית המקדש קודם לקבוץ גליות" מדרש הנעלם — תולדות) „דער בית-המקדש וועט אויפגעבויט ווערען פאַר דער גאולה"...

[85]) עהנליכעס זאָגט אויך דער זוהר: „וכד תתהדר כנסת-ישראל לאתרה, בדין יתוב מלכא-קדישה לציון לאתריה"... (זוהר בשלח נ"ה) — „אַז די יודען וועלען שוין זיצען ווידער אין זייער לאַנד וועט ערשט אַהין קומען אויך די גאָטהייט".

[86]) איך האָב דאָס דואַליסטישע (דאָס דאָפעלטע משיח-סיסטעם) אַזוי דייטליך אַרומגערעדט, כדי פשוט צו פערמאַכען די מיילער פון די „סתם-אַפּיקורסים", וועלכע ערלויבען זיך, צוליעב דער אָדער יענער תלמודישער אויסערונג, שוין אויסצורײדען על ה' ועל משיחו.. דען יעדער פערניני-פטיגער און לאָגיש-דענקענדער מענש וועט יעצט, נאָך די דאָזיגע קלאָרע ערקלערונגען, שוין אַליין בעגרייפען, אַז אין אַזאַ אונגעהויערער גרויסעס ווערק, ווי דער תלמוד, אין וועלכען העכער צוויי-טויזענד געלעהרטע זאָגען אַרויס זייערע פערשידענאַרטיגסטע מיינונגען און לעהר-סיסטעמען — אַז אין אַזאַ יודישער אוניווערסאַל-ענציקלאָפּעדיע האָבען אונבעדינגט געמוזט אריין אַלע ארט אַנ-שויאונגען פון די דאָזיגע געלעהרטע וועגען דער אַמאָליגער צוקונפטס-וועלט. און אַז די דאָזיגע משיח-אידעע איז געטיילט אין צווייערליי בעגריפען, — האָט מען זי ערשט רעכט ניט געטאָרט אַדורכלאַזען.

שאַפטליכען און אין קולטורעל-גייסטיגען זין וועט ארץ-ישראל אַמאָל זיין פאַר יודען איינס פון די גליקליכסטע לענדער.

## וועגען דעם צוקינפטיגען ערד-בעזיצערטום אין ארץ-ישראל זאָגט דער תלמוד פאָלגענדעס פאָראויס:

„ניט ווי די ערד-פערטיילונג פון דער איצטיגער וועלט, וועט זיין די ערד-פערטיילונג פון דער צוקונפטס-וועלט; ביי דער ערשטער פערטיילונג — איז ווער ס'האָט געהאַט גאָרטען-לאַנד, האָט ניט געהאַט געטריידען-לאַנד, און ווער ס'האָט געהאַט דאָס, האָט ניט געהאַט יענץ — פון דער לעצטער ערד-פערטיילונג אָבער, וועלען שוין אַלע צופריעדען זיין, דען יעדער וועט בעקומען עפעס פון יעדען מין בעזונדערס״...

„לא כחלוקה של עולם הזה חלוקה של עולם הבא; חלוקה ראשונה, מי שהיה לו שדה-לבן אין לו שדה-פרדס, שדה-פרדס אין לו שדה-לבן — אבל לעולם הבא אין לך כל אחד ואחד שאין לו בהר, בשפלה ובעמק״.. (בבא בתרא קכ״ב)

## וועגען דער אַמאָליגער פראָדוקציאָן פון ארץ-ישראל געפונען זיך אין תלמוד פאָלגענדע אויסערונגען:

„אין דער צוקונפט וועט דער ווייצען-בוי אין ארץ-ישראל זיין אזוי ענטוויקעלט, ווי די טייטעל-פאַלמען״ — „עתידה חטה שתתמר כדקל״ (כתובות קי״א)

„אויך פון די ווילד-ביימער וועט מען פיעל נוצען האָבען״ — עתידין כל אילני-סרק שיטענו פירות (שבת ל׳) און „דער האַנדעל און אינדוסטריע וועט זיך אין ארץ-ישראל גוט ענטוויקלען״ — „עתידה ארץ-ישראל שתוציא גלוסקאות וכלי-מלת״ (כתובות קי״א)

## וועגען דעם צוקונפטיגען ים-פערקעהר אין פאַלעסטינא ווינקט דער תלמוד פאָלגענדעס אָן:

„אויף דעם פסוק: „כי שפע ימים יינקו״, זאָגט די גמרא: אז מיט דעם אויסדרוק „דאָס גוטס פון די ימים״ מיינט מען דעם ים פון יפו, וועלכער איז פאַרבערייטעט פאַר די גערעכטע פון דער צוקונפטס-וועלט״...

„כי שפע ימים יינקו — זו ימה של יפו, שנגנז לצדיקים לעתיד לבוא״... (ספרי ח״ב פיסקא שנ״ד)

## וועגען דער ענטוויקלונג פון דער בוי-קונסט אין ארץ-ישראל זאָגט דער תלמוד אזוי פאָראויס:

„אין דער צוקונפט וועט גאָט מעהרען אין ירושלים טויזענדער פאַלאַצען, טורעמס, וויללעס, פאַרקען א. ז. וו.״

„אמר ר׳ שמעון בן לקיש: עתיד הקב״ה להוסיף על ירושלים אלף טפף גינאות, אלף קפל מגדלים, אלף ליצו בירניות, אלף טטפראות וכו׳״ (בבא בתרא ע״ה)

## וועגען דער קולטור-ענטוויקלונג דריקט זיך דער תלמוד אין פאָלגענדער פאָעטישער פאָרם אויס:

„אין דער צוקונפט וועט ירושלים ווערען דער „לייכט-טורם״ פאַר די פעלקער פון דער וועלט און אַלע וועלען

זיי געניסען פון יענעם „ליכט"...[87]

„עתידה ירושלים לעשות קסלפנס לאומות העולם והן מהלכין לאורה. שנאמר: „והלכו גוים לאורך". (פסיקתא דר"כ פיסקא קומי אורי)

אַט אין דעם פאָרם האָבען די חכמי-התלמוד פאָראויסגעזאָגט וועגען דער צוקונפט פון ארץ-ישראל, און דאָס זיינען עס אויך די הויפט-ציטאַטען פון די תלמודישע פאָראויסזאָגונגען וועגען אונזער לאַנד.



XII.

# דער „עולם-הבא"-בעגריף.

די מסורה פון „עולם-הבא", פערנעמט אין דער תלמודישער ליטעראַטור דעם אָנגעזעהענסטען פלאַץ פון דער גאַנצער משיח-אידעע. זי האָט זיך איהר גאַנץ בעזונדערעס פראָגראַם, וועלכעס לויטעט אונסגעפעהר אזוי:

„ נאָכדעם, ווי דער וועלט-קריג (מלחמת גוג ומגוג) וועט שוין זיין אריבער
„ און נאָכדעם ווי עס וועט שוין זיין אָנגעקומען דער וועלט-פריעדען (עתיד
„ לבוא) און די יודען פון אַלע לענדער וועלען שוין בעפרייט זיין פון גלות
„ (קבוץ גליות), וועט גאָט מאַכען אַ גרויסע מאָהלצייט (סעודת עולם הבא)
„ פאַר די גערעכטע מענשען (צדיקים) אַלס בעלוינונג (אַלס שכר) פאַר זייערע
„ גוטע טהאַטען (מעשים טובים). — די סעודה וועט בעשטעהן פון אַ ריעזען-פיש
„ (לויתן), פון אַ ריעזען-אָקס (שור-הבר) און פון גאָר אַלטען וויין (יין המשומר),
„ וועלכער ליגט נאָך פאָרבעריייטעט פון פאַר דער וועלט-שעפּפונג (מששת ימי-
„ בראשית). נאָכדעם וועלען די גערעכטע מענשען (צדיקים) זיך זיצען אין
„ „גן-עדן", ווי די געקרוינטע... (ועטרותיהן בראשיהם) און וועלען געניסען פון
„ אַלעם גוטען, וואָס די געטליכקייט פערמאָגט נור (ונהנין מזיו השכינה). —
„ אַלע ,אָבגעשטאָרבענע" וועלען דאַן אויפסנייע ערוואַכען (תחיית המתים) און
„ דער „אייביגער טויט"... וועט פערשניטען ווערען פון דער וועלט (ובלע המות
„ לנצח) און דאַן ערשט וועט די גאַנצע מענשהייט קומען צו איין גלויבען און
„ פערשטאַנד... (ומלאָה הארץ דעה אחת).

דאָס איז עס דאָס עולם-הבא-פראָגראַם לויט תלמודישער מסורה.

## וועגען דער עולם-הבא-צייט אליין זאָגט דער תלמוד פאָלגענדעס:

„אין דער עולם-הבא-צייט, וועט גאָט אריינגעבען אין „שור-הבר" און אין „לויתן" אַ געדאַנק, אַז זיי זאָלען געהן מלחמה-האַלטען איינס מיט ס'אַנדערע; דער „לויתן" וועט זיך אומקעהרען צו דער ערד צו און וועט אָבשחט'ן דעם „אָקס"... און דער „אָקס" ווידער, וועט צושטעכען מיט זיינע הערנער דעם „פיש"...

[87]) אויף אַנ'אַנדער אָרט זאָגען ווידער די חכמי-התלמוד, אַז אין דער צוקונפטס-וועלט וועלען אַלע פעלקער און אַלע רעגירונגען זיך צונויפזאַמלען אין ארץ ישראל. (אדר"נ סוף פרק ל"ה)

„לעולם הבא נותן הקב״ה ב„בהמה״ וגם ב„לויתן״ רוח, והן באין ונלחמין זה עם זה. — זה הופך אל ארץ ושוחט הבהמות, וזה בוקע בקרניו הלויתן״... (בבא בתרא ע״ד גם ע״ה — תנחומא נצבים ד׳ גם מסעי).

נאָך מעהר אויספיהרליכער ערקלערט וועגען דעם דער ילקוט:

„אין דער צוקונפטס-צייט זאָגט דער ילקוט — וועט דער מלאך גבריאל[88] אָנרייצען דעם „לויתן״ קעגען דעם „שור-הבר״; דער „אָקס״ וועט אַרויפכאַפּען דעם „פיש״ אויף זיינע „הערנער״ און וועט איהם צושטעכען... און דער „פיש״ וועט אריינכאַפּען דעם „אָקס״ צווישען זיינע „פלוס-פעדערן״ און וועט איהם צורייסען... און פון דעם „פלייש״ פון זיי ביידען וועט עס געמאַכט ווערען די סעודה פאַר די צדיקים פון יענער וועלט״...[89]

„לעתיד יעשה גבריאל קניגיא עם הלויתן והשור-הבר; ה„שור״ נותן את „לויתן״ בין קרניו ונוחרו, וה„לויתן״ נותן את השור בין סנפיריו וקורעו ומבשרם יעשה הקב״ה סעודה לצדיקים״... (ילקוט משיח)

זעלבסטפערשטענדליך, אַז אַזוי לאַנג, ווי די אַלע ארט „עולם-הבא אוי־סערונגען״ זיינען געבליבען ביי זייער אָריגינאַליטעט עכט און ניט פערענדערט, זיינען זיי טאַקי פערשטאַנען געוואָרען אַזוי, ווי די חכמי-התלמוד האָבען זיך עס געוואונשען, דהיינו: דער בעוואוסטזיניגער, סאָציאַל-דענקענדער יוד זאָל ווי־סען, אַז אין דעם עולם-הבא-געדאַנק ליגט באַהאַלטען אַ טיעפזיניגער, פאָליטי־שער וואונק... אין דער פשוט׳ער יוד זאָל דערין גלויבען טאַקי אַזוי ווי עס איז און זאָל דערווייל, דורך זיין האָפען און וואַרטען, ניט פערליערען דעם מוטה און דעם גלויבען אין בעסערע צייטען — איז אַזוי לאַנג, ווי די דאָזי־גע עולם-הבא-געדאַנקען זיינען נאָך געבליבען ביי זייער עכטקייט, איז טאַקי נאָך גאַנץ גוט געוועזן; שפּעטער אָבער, ווען צו דער שעהנער, סאָציאַל-פּאָליטי־שער עולם-הבא אידעע האָט מען גאָר גענומען צוגעבען אַ זעלכע פאַנטאַסטיש־אַבערגלויבישע לעגענדען, וועלכע דער נאָרמאַלער מענשען-פערשטאַנד האָט שוין מעהר ניט בעגרייפען געקאָנט... און ווען דערזעלבער אַלגאָריש-צוזאַמענגע־שטעלטער שעהנער עולם-הבא-בעגריף איז אַזוי זעהר ענטשטעלט געוואָרען, דאָס ער האָט גענצליך גענומען פערליערען זיין חן און זיין ווערט — אָט דאַן האָט זיך שוין געמוזט געפונען עמיץ, וואָס זאָל דעם עולם-הבא-געדאַנק אויפסניי קריסטאַליזירען און דערצו האָט זיך טאַקי גענומען דער פערפאַסער פונ׳ם גרעסטען קבלה-ווערק, פונ׳ם „זוהר״.

---

[88]) לויט יודישען מיטאָלאָגיש-קאַבּיליסטישען בעגריף איז דער מלאך „גבריאל״ ממונה אויף קעמפפע און אויף מלחמות...

[89]) עהנליכעס זאָגט דער תלמוד אויך אויף אַנ׳אַנדער אָרט: „עתיד הקב״ה לעשות סעודה לצדיקים מבשרו של לויתן״... (ב״ב ע״ה) — „גאָט וועט אין דער צוקונפט מאַכען אַ סעודה פאַר די צדיקים פונ׳ם לויתן׳ס פלייש״. — דאָרטזעלבסט זאָגט אויך די גמרא, אַז: „פון דער הויט פון לויתן וועט געמאַכט ווערען אַ געצעלט פאַר די „צדיקים״... עתיד הקב״ה לעשות חופה לצדיקים מעורו של לויתן״... (שם)

ווי עס ווייזט אויס, האָבען אויך דעם זוהר גערט פיעל פון די עולם-הבא-דרושים, וועלכע זיינען אָפט צוגעגעבען געוואָרען צו דעם שעהנעם עולם-הבא-געדאַנק, און דעריבער האָט דער זוהר געפונען פאַר נויטיג וועגען דעם גע-נוי און קאַטעגאָריש פאָלגענדעס צו ערקלערען:

„די רבנן (די חכמי-התלמוד) האָבען איינגעזעהען, אַז דער יודישער גלות פערציהט זיך צו לאַנג, האָבען זיי זיך אומישנע געשטיצט אויף פערשידענע פסוקים פון דער תורה און גע׳דרשנ׳ט, אַז עס איז פאָרבערייטעט פאַר יודען אויף יענער וועלט אַזאַ טייערע סעודה, כדי די יודען זאָלען קאָנען לייכטער אויסהאַלטען דעם גלות-יאָך"...

„חמו רבנן דגלותא איתמשך, איסתמכו על קראי דאורייתא ואמרו, דזמינין למיכל ולמחדי בסעודתא רבא, דזמינין הקב"ה למיעבד להו. ועל דבר זו רובא דעלמא סבלי בגין ההוא סעודתא..„ (זוהר בראשית קל"ה—קל"ו)

## אויך וועגען „יַיִן-הַמְשׁוּמָר" געפונט מען אין זוהר א גענויע ערקלערונג:

„דאָס וואָס די חכמים דערצעהלען אַלץ וועגען דעם אוראַלטען וויין, וועגען דעם „יין-המשומר", וועלכער ליגט כלומרשט פאָרבערייטעט פאַר די צדיקים נאָך פון ששת ימי בראשית אָן, דאָס — ערקלעהרט אויסדריקליך דער זוהר — מיינט מען גאָר די וואונדערבאַרע ענטדעקונגען און ערפינדונגען, וועלכע זיינען נאָך ניט בעוואוסט דער מענשהייט זייט דער וועלט-שעפפונג, און וועלכע וועלען ערשט ענטדעקט ווערען אין דער צוקונפטס-וועלט... אָט דאָס — זאָגט דער זוהר — איז עס די בעוואוסטע „סעודת-עולם-הבא", וועגען וועלכער די חכמי-התלמוד האָבען אַזוי פיעל גע-שילדערט"...

„יין המשומר בענביו משׁשת ימי בראשית — אלו דברים עתיקין, שלא נתגלו לאדם מיום שנברא העולם, ועתידים להתגלות לצדיקים לעתיד לבוא. וזו היא השתיה והאכילה"... (זוהר בראשית קל"ו)

אַ עהנליכע ערקלערונג וועגען „יין המשומר" געפונט מען אויך אין תלמוד:

„ר׳ יהושע בן לוי זאָגט אַזוי: דער אוראַלטער וויין, דער „יין-המשומר" פון ששת ימי בראשית, דאָס מיינט מען אַזעלכעס, וואָס קיין שום מענשענס אויג, חוץ גאָט'ס, האָט עס ניט פאָראויסגעזעהען... — ר׳ שמואל בר נחמני זאָגט, אַז דאָס איז עס טאַקי דער „גן-עדן"..."[96])

[90]) דאָסזעלבע ערקלערט אויך דער זוהר, נור מיט אַנדערע ווערטער: — „אין סוף פון 6-טען יאָהר-טויזענד — זאָגט דער זוהר — וועלען זיך עפענען פאַר דער מענשהייט די טויערן פון חכמה.. און די וועלט וועט דאַדורך ווערען פאָרבערייטעט צום 7-טען יאָהר טויזענד, צום אַזוי-גערופענעם „וועלטס-שבת"... (זוהר וירא קי"ז)

„אמר ר' יהושע בן לוי: עין לא ראתה אלהים זולתיך" — זה יין המשומר בענביו מששת ימי בראשית... — שמואל בר נחמני אומר: זה „עדן"..." (ברכות ל"ד — סנהדרין צ"ט).

## וועגן „שור־הַבָּר" און „לִוְיָתָן" גיט דער זוהר פאָלגענדע דייטליכע, אָבער זעהר חאַראַקטעריסטישע ערקלערונג:

„דער זוהר שטעלט כּלומרשט אַ פראַגע און פרעגט: „אויב אַזוי? אויב דו זאָגסט, אַז מיט דעם אויסדרוק „יין־המשומר" מיינט מען עס גאָר „די נאָך ניט ענטדעקטע זאַכען", וואָס וועלען דער וועלט ערשט בעוואוסט ווערען אין דער צוקונפטס־וועלט — טאָ וואָס־זשע זאָל עס בעדייטען דער „שור־הבר" און „לויתן"? — דאַרויף ענטפערט דער זוהר אַליין און ערקלערט דייטליך פאָלגענדעס: — דער „שור־הבר" און דער „לויתן", דאָס זיינען נור אַלעגאָרישע אויסדריקע (רמזים), וועלכע זיינען אָנגעווינקען געוואָרען אויף די רעגירונגען"...[91])

„אם כן — מהו „לויתן" ומהו ה„שור"? — אלא רמז הוא דקא רמיז על מלכותא... (זוהר בראשית קל"ה קל"ו).

## וועגן דער פאָרם פון דער גאולה ווינקען די חכמי־התלמוד אויף פאָלגענדער אינטערעסאַנטער אַרט אָן:

„צוויי געגענגעזעצטע זאָרטען ווינטען (גייסטער...) וועלען אין דער צוקונפט זיך שפּאַרען איינס מיט ס'אַנדערע: דער „צפון־ווינד"... וועט טענ'ען, אַז ער וועט עס ברינגען די גאולה; און דער „ווינד פון דרום"... וועט זאָגען, אַז נור ער וועט עס טהוען. — וואָס וועט אָבער גאָט מאַכען? — ער וועט שלום מאַכען צווישען זייביידען און זיי וועלען „בלאָזען" צוזאַמען"...[92])

---

[91]) נאָך דער דאָזיגער דייטליכער ערקלערונג פונ'ם זוהר וועלכער זאָגט בפירוש אַז מיט די אויסערונגען וועגען אַ צוקונפטיגען קאַמפף פון „שור הבר" און „לויתן" האָבען די חכמי־התלמוד נור געמיינט אָנצוווינקען אויף צוקונפטיגע מלחמות פון די רעגירונגען — איז נאָך דער דאָזיגער גענויער ערקלערונג, וועט דוכט זיך שוין יעדער אַליין בעגרייפען, אַז מיט דעם אויסדרוק „שור־הבר" האָט מען אָנגעוואונקען אויף די „מאַכט פון דער יבשה".. און מיט דעם אויסדרוק „לויתן" — די „מאַכט פון די ימים"... — די דאָזיגע צוויי בלוט־פערגיעסענדע כּחות וועלען, לויט פאָראויסזעהונג פון די חכמי־התלמוד, זיך איינס ס'אַנדערע אַמאָל מוזען בעקעמפפען און וועלען אם ענדע אינגאַנצען אונטערגעהן, אַזוי, אַז דאָס געלד אויף מוניציאָן, ריסטונגס־צוועקען און קריעגס־פלאָטען, וועט מען שוין פערווענדען קאָנען אויף קולטורעל־גייסטיגע און סאָציאַל־ווירטשאַפטליכע איינריכטונגען... אָט דאָס האָבען טאַקי אונזערע חכמים אָנגעוואונקען מיט דעם אויסדרוק: אַז פון זייער „פלייש" וועט מען מאַכען אַ סעודה פאַר דער גערעכטער מענשהייט פון דער צוקונפטס־וועלט... (זעה יחזקאל ל"ט פסוק ח', וואו עס ווערט געזאָגט, אַז פון געוועהר וועט מען מאַכען כּלים, א. ז. וו.)

[92]) אַז די חכמי־התלמוד האָבען געמיינט מיט דעם אויסדרוק „צפון־ווינד" — דאָס קאַלטע עוואָלוציאָנס־סיסטעם, און מיט דעם אויסדרוק „דרום־ווינד" — די היציגע־רעוואָלוציאָנס־בעוועגונג דאָס איז דאָך געוויס איבריג צו ערקלערען. — בכלל אָבער, ווייזט אויס האָבען זיי דעם אויסדרוק, „רוח", אַלס בעטאָנונג אויף דעם „גייסט", גענומען פון זכריה הנבי'ס אַ נבואה, וועלכע זאָגט פאָר־אויס, אַז אין דער צוקונפט וועט די וועלט ניט מעהר בעפרייט ווערען דורך מיליטער און מאַכט־מיטלען, נור דורך דעם געטליכען גייסט... — „לא בחיל ולא בכח, כּי אם ברוחי אמר ה' צבאות"... (זכריה ד'—ו')

„הרוחות עתידות להתוכח: „צפון" אומר: אני מביא את הגליות ו„רוח דרומית"... אומר: אני מביאו. מה יעשה הקב"ה? נותן שלום ביניהם ונושבות כאחד"... (ילקוט תתקפ"ח גם מדרש)

דאָסזעלבע ווערט אויך אָנגעוווּנקען אויף אַנדערער פּאָרם:

„אין דער צוקונפט וועלען די פערשיעדענע „גייסטער"... (רוחות) עס זיין די, וועלכע וועלען צוזאַמענגעמען דעם גלות. און גאָט וועט מאַכען צווישען זיי שלום, אַז זיי זאָלען קאָנען אָנקומען דורך איין „איינגאַנג"...[93]

הרוחות עתידות להכניס את הגליות, והקב"ה נותן שלום ביניהם והם נכנסות בפסח אחד"... (פסיקתא רבתא גם ילקוט תתקפ"ח)

עהנליכעס זאָגט אויך דער תרגום אויף'ן פסוק „ויחרדו בנים מים (הושע י"א — י) „דער גלות — ערקלערט יונתן בן עוזיאל — וועט צוזאַמענגענומען ווערען נור דורך'ן „מערב"...

„ויתכנשון גלותא ממערבא". (זעה אין ספר „גורל לה'" די מיינונג פון ר' יהודה אלקלעי, וועלכער זאָגט בפירוש, אז מיט דעם אויסדרוק „ממערבא" מיינט מען די מערב-מלוכות ווי ענגלאנד און פראנקרייך א. ז. וו. וועלכע וועלען העלפען בעפרייען די יודען... — על ידי מלכות בריטאניאַ וצרפת, הנקראים: „מלכי מערבא".

---

# XIII.

# די „תְּחִיַּת-הַמֵּתִים"-אידעע.

אויף וועגען „תחית-המתים האָבען די חכמים זעהר פיעל פּאָראויסגעזאָגט. די גאַנצע פאָראויסזאָגונגען אָבער, בעציהען זיך נור אויף דער בעוואוסטער נבואה

---

[93]) ווי ווייט די חכמי-התלמוד האָבען געוואָלט ערקלעהרען, אז פון דער גליקליכער צו-קונפטס-וועלט, פון דער אַזוי גערופענער „סעודת עולם-הבא" וועלען אויך געניעסען אַלע מענשען פון דער וועלט — דאָס קאָן מען אם דייטליכסטען ארויסזעהען פון פאָלגענדער תלמודישער ערצעהלונג:

אין ירושלמי ווערט געבראַכט, אז דער רוימישער קייזער אנטונינוס האָט געפרעגט דעם בעוואוסטען געלעהרטען „רבין", צי וועלען פון דער סעודת עולם-הבא אויך געניעסען ניט-יודען? האָט איהם רבי געענטפערט, אַז יאָ. און רבי האָט עס מאָטיווירט מיט דעם, וואָס נור ביים קרבן-פסח שטעהט, אַז ניט-יודען דאַרפען פון איהם ניט געניעסען, אָבער ניט ביי דער סעודת עולם-הבא. — מיר דאַרפען אָבער די דאָזיגע פראַגע און די אַנטוואָרט אויף איהר גענויער בעגרייפען; אַנטונינוס, וועלכער איז ווי בעוואוסט אַליין געווען אַ דענקער, האָט געוואָלט הערען זיין פריינדס, רבי'ס, מיי-נונג וועגען דער צוקונפטס-אָרדנונג; צי ער איז אין דער מיינונג, אַז זי וועט איינגעפיהרט ווערען פאַר דער גאַנצער מענשהייט, ווי עס לויטעט דאָס סאָציאַל-וועלטליכע משיח-פראָגראַם — צי בלויס פאַר יודען אַליין. דאַרויף האט איהם רבי געענטפערט, אַז די צוקונפטס-פרייהייט וועט זיין פאַר אַלע פעלקער פון דער וועלט. און רבי האָט עס ערקלערט דערמיט, וואָס די בעפרייאונג פון יו-דישען פאָלק אין עגיפטען איז נור געווען פאַר יודען אַליין, די פרייהייט אָבער פון דער צוקונפטס-וועלט וועט שוין מוזען זיין פאַר אַלע נאַציאָנען... — „מיכלני את מלויתן לעלמי דאתי? אמר ליה: אין: באימר פסחא כתיב: „כל ערל לא יאכל בו, אבל לא בלויתן וכו'... (ירושלמי סוף מגילה) — וועגען די פריינדליכע בעציהונגען צווישען רבין מיט אנטונינוס'ן און וועגען זייערע וויסענשאפ-ליכע שטודיומ'ס זעה „סנהדרין" — צ"א.

פון יחזקאל הנביא, וועלכער שילדערט דאָס „ערוואַכען פון די טויטע“ אויף פאָלגענדער פּאָעטישער אַרט:

„עס האָט מיך ארומגענומען גאָט'ס מאַכט און גאָט'ס גייסט האָט מיך אַרויסגעפיהרט און אַריינגעלאָזט אין אַ טהאָל פול מיט מענשען-ביינער. און ער האָט מיך אַרומגעפיהרט אַרום זיי און כ'האָב געזעהען, אַז זייער צאָהל איז זעהר גרויס און, אַז די דאָזיגע ביינער זיינען זעהר טרוקען... און גאָט'ס גייסט האָט צו מיר אַזוי געזאָגט: „דו מענשענס קינד! וועלען דען די דאָזיגע ביינער אַמאָל לעבעדיג ווערען?“ — און איך האָב געענטפערט: „גאָט! דו אַליין ווייסט עס“. — און ער האָט מיך געהייסען פּראָפעצייהען אויף די ביינער און זיי אַזוי זאָגען: „איהר טרוקענע ביינער, הערט אויס גאָט'ס וואָרט! אזוי זאָגט גאָט צו אייך: איך וועל אין אייך אַריינגעבען אַ „גייסט“ און איהר וועט אויפסניי לעבעדיג ווערען א. ז. וו.—און אין אַ ווײַלע אַרום האָב איך געזעהען ווי די ביינער זיינען ווירקליך לעבעדיג געוואָרען א. ז. וו. — דערנאָך האָט גאָט צו מיר אַזוי געזאָגט: דו מענשענס קינד! די דאָזיגע טויטע ביינער, דאָס איז עס גאָר דאָס גאַנצע פאָלק ישראל; די יודען זאָגען דאָך, „אונזערע ביינער זיינען שוין פאַרטרוקענט, און פערלוירען איז אונזער האָפנונג אויף אייביג“. — דעריבער פּראָפעצייה דו, יחזקאל, און זאָג זיי פאָלגענדעס: „אַזוי זאָגט גאָט: איך וועל צוריק עפנען אייערע „קברים“... און איך וועל דיך, מיין פאָלק, אויפסניי ארויסנעמען פון דיינע „בעגרעבנישען“... און צוריקברענגען קיין ארץ-ישראל א. ז. וו.

„היתה עלי יד ה', ויוציאני ברוח ה' ויניחני בתוך הבקעה והיא מלאה עצמות. והעבירני עליהם סביב סביב, והנה רבות מאוד על פני הבקעה, והנה יבשות מאוד. ויאמר אלי: בן אדם! התחיינה העצמות האלה? — ואמר: ה' אתה ידעת. — ויאמר אלי: „הנבא על העצמות האלה, ואמרת אליהם: העצמות היבשות, שמעו דבר ה'! כה אמר ה' לעצמות האלה: הנה אני מביא בכם רוח וחייתם...“ וכו'. — ונבאתי כאשר צוני, ותבוא בהם הרוח ויחיו, ויעמדו על רגליהם חיל גדול מאד מאד. ויאמר אלי: „בן אדם! העצמות האלה כל בית ישראל המה; הנה אומרים: „יבשו עצמותינו ואבדה תקותנו, נגזרנו לנו“. — לכן הנבא, ואמרת אליהם: כה אמר ה': „הנה אני פותח את קברותיכם, והעליתי אתכם מקברותיכם, עמי, והבאתי אתכם אל אדמת ישראל“ וכו'... (יחזקאל ל"ז)

אָט אויף דער דאָזיגער פּראָפעצייהונג שטיצען זיך עס אַלע חכמי-התלמוד ביי זייערע פאַראויסזאָגונגען וועגען „תחית-המתים“ און נור אויף דער דאָזיגער נבואה באַזירען אַלע זייערע דיסקוסיעס און דיספוטען (פלפולים) וועגען דער צוקינפטיגער „ערוואַכונגס-עפּאָכע“...

זעלבסטפערשטענדליך, אַז אַזוי לאַנג ווי די אַלע תלמודישע פאָראויסזאָגונגען וועגען „תחית-המתים“ זיינען געבליבען ניט פערענדערט, האָט זיי יעדער

איינציגער טאַקי געקאָנט פערשטעהן; ער האָט בעגריפען, אַז מ'מיינט פשוט דערמיט פּאַראַוויסצוזאָגען, דאָס גייסטיג-אָבגעשטאָרבענע נשמות, — מענשען און פעלקער, וועלכע האָבען פון צרות און ליידען זייער לעבענס-גייסט אויפגעגעבען און זייער האָפנונג פערלוירען — אַז די אַרט „אָבגעשטאָרבענע" וועלען אמאָל ווידער אַריינבעקומען אין זיך דעם לעבענס-גייסט און וועלען אויפסניי ערוואַכען... — שפּעטער אָבער, ווען צו די אַלע שעהנע אַלעגאָרישע „תחית-המתים"-שילדערונגען האָבען גענומען צוקומען פערשיעדענע פאַנטאַסטישע ערצעהלונגען און מ'האָט דעם ערהאַבענעם תחיית-המתים-בעגריף אָנגעהויבען אַראָבצופיהרען פון זיין ריכטיגען וועג... האָבען זיך די חכמי-התלמוד געזעהען געצוואונגען אָפען און קלאָר צו ערקלערען וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך דאָ. און ווייל די גאַנצע תחיית-המתים-אידעע בערוהט דאָך הויפטזעכליך אויף יחזקאל הנביא'ס דערמאָנטער נבואה, האָט מען ממילא געמוזט צוערשט דיזעלבע נבואה אַביסל דייטליכער ערקלערען.

און אַזוי געפונען מיר טאַקי וועגען דערזעלבער נבואה פון יחזקאל'ן פאָלגענדען כאַראַקטעריסטישען דיספּוט:

„די „טויטע", וואָס יחזקאל הנביא האָט „לעבעדיג" געמאַכט, זיי — ערקלערט ר' אליעזר — האָבען זיך נור „אויפגעשטעלט" אויף זייערע פיס, האָבען געלויבט גאָט און זיינען אָבער באַלד דאַרויף געשטאָרבען"...

„ר' אליעזר אומר: מתים שהחי' יחזקאל עמדו על רגליהם, ואמרו שירה ומתו"... (סנהדרין צ"ב)

אַ גאַנץ אַנדערער מיינונג איז געווען ר' יוסי הגלילי'ס זוהן. ער ערקלערט, אַז ניט נור וואָס יחזקאל'ס „טויטע" זיינען ניט באַלד געשטאָרבען, נור זיינען אויפסניי אריין קיין ארץ-ישראל, האָבען צוריקבעקומען זייער זעלבסטשטענדיגקייט און זיך דאָרט יאָהרען לאַנג גאַנץ גוט ענטוויקעלט, דען

„די „טויטע", וואָס יחזקאל האָט „לעבעדיג" געמאַכט, — ערקלערט ער — זיינען דאָך פּאַקטיש צוריקגעגאַנגען קיין ארץ-ישראל, האָבען חתונה געהאַט און אויך געבוירען זוהן און טעכטער"...

„ר' אליעזר בנו של ר' יוסי הגלילי אומר: מתים שהחי' יחזקאל עלו לארץ-ישראל ונשאו נשים והולידו בנים ובנות... (שם)

און אַזוי זעהען מיר, דאָס דער גאַנצער דיספּוט איז ניט אין עפּעס אַנדערש, ווי נור וועגען יחזקאל הנביא'ס אויפמונטערונגס-קראַפט; ר' אליעזר איז געווען אין דער מיינונג, אַז די אויפמונטערונג, וואָס יחזקאל האָט דאַן אויפגעמונטערט די געפאַנגענע יודען פון בבל, האָט נור אויף אַזוי פיעל געווירקט, אַז דאָס פאָלק זאָל זיך קאָנען אַביסעל „אויפשטעלען אויף זיינע פיס", אָבער אין דער ווירקליכקייט, — מיינט ר' אליעזר — איז יענע פרייהייט ניט געווען קיין פולקאָמענע, עס איז נור געווען אַ פאָלקס-ערוואַכונג; דען די יודישע פרייהייט איז דאָך, ווי מיר ווייסען, באַלד אין אייניגע יאָהר הונדערט דאַרויף „אָבגעשטאָרבען". און דעריבער בעדינט זיך עס טאַקי ר' אליעזר מיט דעם אויסדרוק „עמדו על רגליהם ומתו"... דאַגעגען האָט ר' יוסי הגלילי'ס זוהן ער-

קלערט, אַז קוים האָט יחזקאל׳ס נבואה געקאָנט ווירקען, אַז דאָס פאָלק זאָל דאַן ארויס פון גלות בבל, זאָל צוריק אַריין אין זייער לאַנד (עלו לארץ־ישראל), און זיך דאָרט זעלבסטשטענדיג מאַכען אויף אייניגע דורות נאָכאַנאַנד (והולידו בנים ובנות)—אָט אַזאַ אויפמונטערונג, קאָן מען שוין דרייסט אָנרופען אַ אמת׳ע פאָלקס-אויפלעבונג. קורץ גערעדט: ביידע זיינען זיי אייניג דערין, אַז יחזקאל׳ס אויפמונטערונגס-קראַפט איז געווען אַ אונגעהייער גרויסע. זיי זיינען נור מחולק אין דער ווירקונג פון יענער קראַפט: דער ערשטער איז געווען אין דער מיינונג, אַז יחזקאל׳ס אויפמונטערונגס-קראַפט האָט געווירקט בלויס אַלס ציטוויילינגעס ערוואַכונגס-מיטל פאַר׳ן פאָלק, און דער צווייטער איז געווען אין דער אַנזיכט, אַז די דאָזיגע תחיית-המתים-נבואה האָט געווירקט פאַר יודען אַלס פאָלקאָמענע פאָלקס-אויפלעבונג.

אָבער אויך די דערמאָנטע נבואה איז שפּעטער שלעכט פערשטאַנען געוואָרען און אויך זי אליין האָט זיך מיט דער צייט גענויטיגט אין אַ קלאָרערער אויפקלערונג. און דאָס האָט עס טאַקי פאָראויסגעזעהען איינער פון די אָנגעזעענסטע חכמי-התלמוד, ר׳ יהודה.

מורא׳האָבענדיג, טאָמער וועט אַמאָל יחזקאל׳ס נבואה שלעכט בעגריפען און פאַלש אויסגעטייטשט ווערען, האָט ר׳ יהודה — ריידענדיג גראָד וועגען יחזקאל׳ס „פערטרוקענטע ביינער“ — געפונען פאַר וויכטיג קאַטעגאָריש און דייטליך צו ערקלערען אַז:

„אין דער ווירקליכקייט איז די גאַנצע נבואה פון יחזקאל הנביא, וועגען דעם ערוואַכען פון די טויטע, ניט קיין געשעהענער פאַקט—עס איז נור בלויס אַן אַלעגאָרישע שילדערונג... (אַ משל)

„רבי יהודה אומר: באמת משל היה“... (סנהדרין צ״ב)

אָט אַזוי קלאָר האָט ר׳ יהודה גערעדט וועגען די פערטרוקענטע ביינער און אַזוי דייטליך האָט ער עס ערקלערט יחזקאל׳ס נבואה וועגען דעם „ערוואַכען פון די טויטע“.

---

אָבער גראָד ווי יחזקאל׳ס נבואה האָט געמוזט אַמאָל גענויער אויפגעקלערט ווערען, אַזוי האָט מיט דער צייט אויך די תחיית-המתים-אידעע אַליין זיך גענויטיגט אין אַ גענויערער אויפקלערונג.

„ס׳וועט ניט זיין קיין אונטערשיד—זאָגט דער זוהר—צווישען דער איצטיגער צייט און דער „תחיית-המתים-עפּאָכע“, נור מיט דעם איינעם, וואָס דענצמאָל, אין דער פעלקער-ערוואַכונגס-צייט, וועט די מענשהייט קומען צו אַ ריינערן און צו אַלאָגישען פערשטאַנד“...

„אין בין עולם הזה לתחיית-המתים אלא נקיות והשגת ידיעה“... (זוהר קל״ט מדרש הנעלם)

דערצו גיט דאָרט-זעלבסט דער זוהר נאָך צו פאָלגענדע דייטליכע, אָבער זעהר כאַראַקטעריסטישע ערקלערונג:

„פון דער „תחיית-המתים-עפּאָכע“ אָן און ווייטער — ערקלערט דער זוהר -

ווען די וועלט שוין אַריין אין דער געהעריגער וועלט-אָרדנונג״...

„מזמן תחיית-המתים יתיישב עלמא בישובו... (שם)

חוץ דעם ערקלערט דער תלמוד, אַז:

„די גערעכטע מענשען (די צדיקים)[94], זיי וועלען עס אין דער צוקונפט אויפסנייי „לעבעדיג״ מאַכען די „טויטע״..״

„עתידים צדיקים שיחיו את המתים״... (פסחים פ״ח)

נאָך דייטליכער געפונט מען וועגען דעם אין זוהר.

„אין דער צוקונפט — זאָגט דער זוהר — וועלען די גערעכטע „באַשאַפען וועלטען״... און „לעבעדיג מאַכען טויטע״... און צו יענער צייט וועלען ערשט די גערעכטע קומען צום פולשטענדיגען פערשטאַנד...[95]

„עתידים הצדיקים „לברוא עולמות ולהחיות מתים״... ובאותו זמן ישיגו הצדיקים דעת שלימה... (זוהר ב״ר קל״ה)

פון די אַלע תלמודישע ערקלערונגען זעהט מען דוכט זיך גאַנץ דייטליך, אַז דער גאַנצער תחיית-המתים-בעגריף בערוהט הויפטזעכליך אויף דער אידעע, אַז אין דער צוקונפט וועט די וועלט דורך דעם גערעכטיגקייטס-פּרינציפּ, וואָס זי וועט איינפיהרען, צוריקגעבען אַלע פעלקער זייער זעלבסטשטענדיגקייט און זיי אויפסנייי בעלעבט מאַכען...

און דאָס ווינקט אויך אָן דער תלמוד דורך פאָלגענדער אינטערעסאַנטער אויסערונג:

„צעהן שווערע זאַכען זיינען פאַראַן אויף דער וועלט א. ז. וו. דאָס ערגסטע פון זיי אַלע איז דער „טויט״... ראַטעווען אָבער פון׳ם „טויט״ קען נור די „גערעכטיגקייט״...

„עשרה דברים קשים נבראו בעולם וכו׳ — ומיתה קשה מכולם, וצדקה מצלת מן המיתה״... (בבא בתרא י׳)

אין אַלגעמיין אָבער ערקלערען די חכמי-התלמוד, אַז דער גאַנצער דור וואָס וועט לעבען צו יענער גליקליכע צייט, וועט ווערען א דור פון גערעכטע מענשען, דען

„אין דער צוקונפטס-וועלט — ערקלערט די גמרא — וועלען אַלע זיין פון די גערעכטע...[96]

„לעולם-הבא כלם יהיו צדיקים״... (תנחומא חיי-שרה ס׳)

---

[94]) וועגען דער בעדייטונג פון׳ם וואָרט „צדיק״, זעה די פריהערדיגע געגויע ערקלערונג 71 צום אויסדרוק „אין ירושלים נפדי״ת אלא בצדקה״.

[95]) דאָסזעלבע געפונט מען אויך אָנגעדויטעט אין תלמוד „ר׳ פנחס בן יאיר ערקלעהרט, אַז דער הייליגער גייסט, ער וועט דאָס אין דער צוקונפט „לעבעדיג״ מאַכען די „טויטע״... — „רוח הקודש מביאה לידי תחיית המתים״. (עבודה זרה כ׳ ע״ט)

[96]) אויף וואָס פאַרע אויפן אַלע וועלען עס אַמאָל זיין פון די גערעכטע, קאָן מען ערויסזעהען פון פאָלגענדע כאַראַקטעריסטישע תלמודישע אויסערונג: די גמרא ערקלערט, אַז מיט׳ן מאָמענט, ווי מ׳וועט זיך אין דער צוקונפט אָברעכנען מיט די שלעכטע מענשען, מיט די אַזוי גערופענע „רשעים״, וועלען שוין אויפהערען צו זיין „זינדיגע״... און אַזוי ווי עס וועלען ניט מעהר זיין קיין זינדיגע (פושעים״), וועט זיך באַלד דערהויבען די גרויסקייט פון די גערעכטע (צדיקים״) און צוזאַמען מיט זיי וועלען גרויס ווערען די, וואָס זיינען ערשט געוואָרען פון די גערעכטע... (גירי-צדק) (מגילה י״ז)

און וועגען אַזאַ עהנליכען טעם האָט ווייזט אויס, דער תלמוד איינמאָל פאַר אַלע מאָל גאַנץ קאַטעגאָריש און אָפען ערקלערט, אַז

„אַלע יודען וועלען אַנטייל האָבען אין דער צוקונפטס-וועלט; דען דאַדורך, וואָס דאָס גאַנצע פאָלק ישראל האָט רעכט... וועט עס צוריק ירש׳נען זיין לאַנד".

„כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא, שנאמר: ועמך כלם צדיקים, לעולם ירשו ארץ"... (סנהדרין צ׳)

דען די גאַנצע יודישע נאַציאָן, אָהן אויסנאַהם, האָט דאָך געהאַט צו ליידען פון דער אַלטער וועלטס-אונאָרדנונג. און דעריבער זאָגען עס די חכמי-התלמוד אזוי אויסדריקליך: „ועמך כלם צדיקים לעולם ירשו ארץ"...

אָט דאָס איז די מיינונג פון די חכמי-התלמוד וועגען דעם תחיית המתים פון די פעלקער. חוץ דעם געפונט זיך נאָך אין דער יודישער ליטעראַטור אַזעהר אינטערעסאַנטע פילאָזאָפישע לעהרע וועגען דעם תחיית המתים פון יעדען יחיד. די דאָזיגע לעהרע, אויף וועלכער עס שטיצען זיך פיעל פילאָזאָפען — האָט שוין אַ שטאַרקען צוזאַמענהאַנג מיט דער פילאָזאָפישער לעהרע וועגען „השארת הנפש", וועלכעס איז איינס פון די שעהנסטע צווייגען פון דער גאַנצער קבלה-לעהרע.



יעצט ווען מיר זיינען שוין בעקאַנט געוואָרען מיט דעם גאַנצען בעגריף וועגען דעם „תחיית-המתים-אידעאַל", וועט אינטערעסאַנט זיין צו ברינגען דאָ וועגען דעם נאָך פאָלגענדע כאַראַקטעריסטישע תלמודישע אויסערונג:

„דער מדרש זאָגט, אַז ביי דער צוקינפטיגער וועלטס-אָרדנונג וועט דער „פעלקער-טויט" נור נאָך עקזיסטירען בלייבען ביי געצען-דינער, (ביי די הייד-נישע פעלקער)... דאַגעגען איז ר׳ יהושע בן לוי אין דער מיינונג, אַז גראָד ווי ער וועט אויפהערען פאַר׳ן יודישען פאָלק, אַזוי וועט ער מעהר ניט פאָר-קומען ביי קיין שום פאָלק אויף דער וועלט"...

„אין „מיתה" לעתיד לבוא, אלא בבני נח. ר׳ יהושע בן לוי אומר: לא בישראל ולא באומות העולם... (מדרש רבה — בראשית מ״ג)

אינטערעסאַנט איז נאָך צו הערען די מיינונג פון די חכמי-התלמוד וועגען דער פאָרם פון דער גאולה אליין, דען אויך אין דעם זיינען די חכמי-התלמוד ניט אייביג איייניג: אַ טייל זאָגען, אַז אַלע יודען, פון אַלע וועלט-טיילען וועלען עס דאַן בעפרייט ווערען, און מאַנכע ווידער זיינען דער מיינונג, אַז ניט אַלע. און אַזוי ערקלערט איינער פון די חכמי-התלמוד, אַז:

„אין דער צוקונפט וועלען די צוויי יודישע שטעממע, „יהודה" און בנימין"[97], ארומגעהען צו די איבריגע צעהן יודישע שבטים, וועלכע זיינען נאָך פער-טריבען זינט דעם ערשטען גלות אַריבער יענער זייט פונ׳ם שטיינער-וואַרפענדען

---

[97]) ווי בעוואוסט זיינען ביים לעצטען גלות ניט פערטריבען געוואָרען אלע צוועלף יודישע שבטים נור מיר, דאָס הייסט, נור די יודען פון די צוויי שבטים יהודה און בנימין; דען די איבריגע 10 זיינען, לויט מסורה, נאָך פערטריבען געוואָרען נאָכן ערשטען גלות צוזאַמען מיט די בני-משה און זיינען ניט מעהר צוריק קיין ארץ-ישראל ניט אין עזרה הסופר׳ס צייט און ניט בימי החשמונאים. דאָס אינטערעסאַנטע דערפון איז אָבער די תלמודישע לעגענדע, אַז צוליעב דעם קאָ-

טייך „סמבטיון" און וועלען אויך זיי געניסען מאַכען פון די שעהנע משיח-צייט און „עולם-הבא"-עפּאָכע...

„עתידין גלות יהודה ובנימין לילך אצל עשרת השבטים, שגלו לפנים מנהר „סמבטיון", כדי שיזכו עמהם לימי משיח ולחיי עולם הבא"... (מדרש שיר השירים פסוק: „אף ארשנו")

דאַגעגען ערקלערט דער תלמוד אויף אַנ'אַנדער אָרט, אַז:

„די 10 פערטריבענע יודישע שבטים וועלען אין דער צוקונפט ניט מעהר צוריקגעהן קיין ארץ-ישראל"...

„עשרת השבטים אינן עתידין לחזור"... (סנהדרין ק"י)

חוץ דעם געפונט מען נאָך אין תלמוד מיינונגס-פערשיעדנהייטען וועגען דעם, וועלכע יודען וועלען פון דער פרייהייט געניעסען. און אַזוי ערקלערען די חכמי-התלמוד, וועלכע זיינען געווען אָנהענגער פון יענער פּארטיי, וואָס האָט אַלץ אַגיטירט, אַז יודען זאָלען דאַן בשום אופן ארץ-ישראל ניט פערלאָזען (די קנאים), אַז:

„די „טויטע יודען", וואָס וועלען זיך אין דער תחיית-המתים-צייט ניט גע-פונען אין ארץ-ישראל, די יודען וועלען דאַן ניט צוריק אויפגעלעבט ווערען..."

„ר' אליעזר אומר: מתים שבחוץ לארץ אינם חיים... (כתובות קי"א)

דאַגעגען ערקלערען אַנדערע ווידער, אַז די יודען פון אַלע לענדער וועלען דאַן אויפסניי בעלעבט ווערען נור:

„די „טויטע" יודען פון ארץ-ישראל וועלען בלויס געניעסען דאָס איינע מעהר פון די איבריגע יודען פון דער וועלט, וואָס זיי וועלען דאַן פריהער פאַר אַלע „אויפגעלעבט" ווערען און וועלען פריהער פאַר אַנדערע געניעסען פון דער גליקליכער משיח-צייט"...

„מתי ארץ ישראל חיים תחלה לימות המשיח ואוכלין שנות המשיח"... (בר"ר צ"ו, גם ירושלמי כלאים)

---

צום שלוס וועט נאָך אינטערעסאַנט זיין צו ברינגען דאָ פאָלגענדע זעהר כאַראַקטעריסטישע תלמודישע אויסערונג, וועלכע גיט צוגלייך אַ גאַנץ דייטליך בילד פון דעם בעגריף, וואָס די חכמי-התלמוד האָבען געהאַט וועגען דעם אי-דעאַל פון דער שעהנער צוקונפטס-וועלט.

„אין דער „עולם-הבא-עפּאָכע" — זאָגט דער תנא-דבי-אליהו — וועט אויפהערען דער „איבריגער טויט"... אויך די „זינד" „פערברעכענס", „שלעגערייען" און „אונגערעכ-

---

נען זיי ניט צוריקקומען, ווייל זיי געפונען זיך צוזאַמען מיט די „בני משה" אין אַ לאַנד, וואָס איז אַרומגערינגעלט פון דעם טייך „סמבטיון," וועלכער וואַרפט פון זיך אַרויס טאָג און נאַכט (חוץ שבת) געוואַלדיג גרויסע שטיינער, אַזוי אַז עס איז אונמעגליך דאָס אַריבערשטייגען יענעם רעטזעל-האַפטען טייך. ביי דער גאולה אָבער, וועלען אַלע יודען, (אפילו די, וואָס האָבען אַזעלכע אונגעהייערע שוועריגקייטען, ווי אַ „סמבטיון" אַריבערצוקומען...) אויך לייכט זייער פרייהייט ערציעלען...

טיגקייטען״ וועלען ניט מעהר עקזיסטירען; דען יעדער איינציגער וועט זיך שוין לעבען גליקליך און צופריעדען, לויט זיין אייגענעם פערשטאנד און לויט זיין אייגענעם בעגריף״...

„עולם הבא אין בו לא „מיתה לעלם עלמיא״, ואין בו לא חטא, ולא עון, ולא מכות, ולא מרדות, אלא כל אחד ואחד משמח בחכמתו ובתבונתו״...

(תנא דבי אליהו פרק ב׳)

די חכמי-התלמוד האָבען בכיון צונויפגעבונדען דעם „טויט״, „זינד״, פערברעכענס״ מיט דעם „לעבען לויט אייגענעם פערשטאַנד און בעגריף״, כדי דאַמיט בפירוש צו זאָגען, אַז אין דער צוקונפט, אין דער שעהנער עולם-הבא-צייט, וועט מען מעהר ניט צווינגען אַ פאָלק צו לעבען דייקע נור לויט דעם פערשטאַנד און בעגריף פון פרעמדע... ניין, דאָס וועט שוין מעהר ניט זיין! דען לעבען וועט זיך יעדעס פאָלק פון דאַן אָן און ווייטער במנוחה און צופריעדען לויט זיין אייגענעם פערשטאַנד און לויט זיין אייגענעם בעגריף... און ממילא וועלען אויך אויפהערען די וועלטס-אונגערעכטיגקייטען, פערברעכען און זינד, וועלכע זיינען געווען די אמת׳ע פעראורזאַכער פונ׳ם שטענדיגען פעלקער-טויט.

און דאַדורך ווערט שוין אויך פערשטענדליך די מיינונג פון די חכמי-התלמוד, וועלכע ערקלערען, אַז:

„אין דער עולם-הבא-צייט וועלען די יודען בעפרייט ווערען פון צוויי זאַכען: פון „מלאך-המות״ און פון שלעכטע רעגירונגען״... „חירות ממלאך המות, חירות ממלכיות״...(תנחומא שלח י״ז, גם שמות רבה פסוק: והמכתב מכתב אלהים הוא חרות על הלוחות)

אין אַלגעמיין אָבער, האָבען די חכמי-התלמוד געהאַלטען די תחיית-המתים-צייט פאַר דער שעהנסטער און וויכטיגסטער עפּאָכע פון דעם גאַנצען עולם-הבא-פעריאָד. און דעריבער ערקלערען זיי, אַז:

„די תחיית-המתים-צייט וועט זיין די ענטגילטיגסטע פון די אַלע שעהנע עפּאָכען״.

„קבוץ גליות קודם לתחיית-המתים, ותחיית-המתים אחרון שבכולם״... (מדרש הנעלם)

אָט דאָס אַלץ אויבענדערמאָנטע איז עס דער הויפּט-אינהאַלט פון דער ערהאַבענער, „עולם-הבא״-אידעע, וועלכע איז אויך צוגלייך דער יסוד פון די שעהנסטע סאָציאַל-פּאָליטישע-פּראָגרעסזעהונגען, וועגען וועלכע אונזערע נביאים און חכמי-התלמוד האָבען שוין אַזוי פריה און אויספיהרליך פּראָגנאָזירט.

# XIV.

# די „קץ-בערעכנונגען" פון די חכמי-הגולה.

חוץ די פּראָפעצייהונגען פון די נביאים און חוץ די אויסערונגען פון די אנשי-כנסת-הגדולה און פּאָראויסזאָגונגען פון די חכמי-התלמוד, געפונט מען אין דער יודישער ליטעראַטור נאָך זעהר פיעל מיינונגען און אויסערונגען וועגען דער משיח-צייט, וועלכע שטאַמען שוין פון די שפּעטערע יודישע געלעהרטע — פון די אַזוי-גערופענע „חכמי-הגולה". די דאָזיגע אויסערונגען טראָגען אָבער שוין אַ גאַנץ בעזונדערן האַראַקטער. — עס זיינען מעהרסטענטיילס מאַטעמאַטישע אויסרעכנונגען (גערופען: „גמטריאות"), וועלכע שטיצען זיך אויף פערשיעדענע פסוקים פון תנ"ך, לויט די ציפערן פון וועלכע,[99] דער בעל-גמטריא ווייזט מאַטעמאַטיש אויף, אז משיח מוז בעשטימט צו דער און דער צייט קומען.

פערשטעהט זיך, אז אין יענער טרויריגער מיטעל-אַלטערישער עפּאָכע, ווען איבערן יודישען האָריזאָנט האָבען זיך גענומען ציהען די שוואַרצעסטע וואָלקענס און פינסטערסטע חמאַרעס; ווען די שרעקליכסטע רדיפות און ביטערסטע גזרות האָבען אָנגעהויבען אָננעמען אַ קאַטאַסטראָפאַלען האַראַקטער, און די מורא, אז דער צערפאַל פון די אויסגעפלינדערטע און פערניכטעטע יודישע קהלות, זאָל אויך ניט ווערען אַ צערפאַל פון דער גאַנצער יודישער אומה — זעלבסטפערשטענדליך, אַז אין אַזאַ ביטערער אומגליקס-צייט, איז יעדער מינדעסטער האָפנונגס-שטראַהל פאַקטיש אימשטאַנד געווען צו ווירקען אויף דער ליידענדער יודישער פאָלקס-נשמה, ווי טייערער באַלזאַם אויף אַ פער'חלש'טען קערפער. און דעריבער איז שוין קיין וואונדער ניט, וואָס דער עולם האָט זיך דאַן אין די אַרט „קץ-בערעכנונגען" און „גמטריאות" אָנגעהאַפּט, ווי אַ טרונקענדער אָן עפּעס אַ זיכערעס רעטונגס-מיטעל, און מ'האָט אין זיי געגלייבט, ווי אין די זיכעו'סטע הבטחות פון דער תורה...

---

[99] ווי מיר ווייסען, האָבען מיר יודען ניט קיין בעזונדערען ציפערן-סיסטעם, חוי עס בעזיצען אַלע פעלקער פון דער וועלט, נור אונזער „אלף-בית" איז חוץ זיין בוכשטאַבען-צוזאַמענשטעלונג אויך אונזער צייהל-סיסטעם. און אַזוי איז די בוכשטאַב „אלף" ביי אונז אויך די ציפער „איינס„ — די „בית", די ציפער „צוויי" א. ז. וו.

אַז די דאָזיגע לייכטע מיטלען זיינען דענצמאָל זעהר נוצליך געווען און האָבען פיעל בייגעטראָגען צו דער דערהאַלטונג פון אונזער פאָלק, דאָס איז אַ זעלבסטפערשטענדליכע זאַך,[100] אָבער אַז דיזעלבע „גמטריאות" האָבען אונז פיעל מאָל אויך גרויסען שאָדען געבראַכט, דאָס איז אויך אַ פעסטגעשטעלטער פאַקט; דען בערעכענדיג, אַז משיח מוז בעשטימט צו דער אויסגערעכנעטער צייט קומען, פלעגט דאָך דער „בעל-גמטריא" זיין פּאָראויסזאָגונג אויך פערעפענטליכען פאַר די יודען פון זיין דור. זעלבסטפערשטענדליך, אַז בעקומענדיג פון איהר גדול הדור אין יענער עת-צרה אַזאַ זיכערען צוזאָג וועגען דער באַלדיגער גאולה — האָט זיך דאַן די נידערשלאָגענע יודישע בעפעלקערונג אָן דעם אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענד, און מ'האָט גענומען בייצייטענס צייהלען אויף די פינגער די יאָהרען, חדשים, וואָכען און זאָגאַר טעג ווען דער גואל האָט לויט דער אויסגערעכענטער גמטריא בעדאַרפט קומען. און וואָס פאַר אַ אומקערעניש אַזאַ כלומרשט „פעסטע" פערזיכערונג האָט אָנגעמאַכט שפּעטער, נאָכדעם, ווי ס'האָט זיך ארויסגעשטעלט, אַז דער „בעל גמטריא" האָט זיך גאָר פעררעכענט... — דאָס איז איצט אומעגליך זיך פאָרצושטעלען.

ווי די געשיכטע דערצעהלט, האָבען די יודען פון אַ זעלכע אַרט ענטטוישונגען געליטען ניט בלויס מאָראַליש, נור אויך עקאָנאָמיש און זאָגאַר פיזיש. דען זייענדיג ביי זיך די פעסט איבערצייגט, אַז משיח קומט בעשטימט צו דער אויסגערעכענטער צייט — פלעגען פיעל פון די אמת'ע מאמינים בייצייטענס נעמען געענצליך ליקווידירען זייערע געשעפטען און אונטערנעהמונגען, אָדער זיי פלעגען זיי גאָר מיט אַמאָל פערקויפען פאַר אַ שפּאָט-ביליגען פרייז צו אַ ניט-יודען. מאַנכע ווידער, וועלענדיג זיך „אויסלייטערן" צו דער גאולה, פלעגען זיך אריינלאָזען אין פאַסטען תענתים און אין מוטשען זייער זינדיגען קערפער. פערשטעט זיך, אַז צום סוף, ווען ס'האָט זיך אַרויסגעשטעלט, דאָס זייערע אַלע ענוים און פייניגכצער זיינען געווען גאַנץ אומזיסט — זיינען די דאָזיגע אויסגעמוטשעטע יודען ביי זיך אַזוי מאָראַליש און פיזיש געפאַלען, דאָס פאַר שוואַכקייט און נידערגעשלאָגענקייט האָבען זיי אַזאַ אונגעהויערן עגמת-נפש און שאַנדע ניט מעהר אַריבערגעטראָגען געקאָנט...—אויף די נשמות פון פיעל אַני-

[100] פּאַרוואָס די דאַמאָליגע גייסטיגע יודישע פאָרשטעהער, די חכמי-הגולה, האָבען זיך גענומען צו אַזעלכע לייכטע מיטלען, ווי צו „גמטריאות", קאָן מען ערקלערען דורך פאָלגענדעם: ווי מיר ווייסען זיינען אין סוף מיטעל-אַלטער פערוויסט געוואָרען פיעל יודישע קהלות אין צוזאַמען מיט זיי, זיינען אויך חרוב געוואָרען כמעט אַלע גרעסטע בתי-מדרשים און בתי-תפלות. זעלבסטפערשטענדליך, אַז אין אַזאַ צייט ווען קיין ספּעציעל יודישען צענטער האָט מען שוין לאַנג ניט געהאַט און דאָס איינציגע—די שטענדיגע לערן-ערטער—זיינען אויך צושטערט און די לערנער אַלײן מוזען וואַנדערן פון איין אָרט צום אַנדערן—אין אַזאַ גלות-צייט האָט מען ניט געקאָנט אויפמונטערן די דאַמאָליגע פערטרויערטע גלות-וואַנדערער מיט עפּעס שווערע און לאַנגע דרושים אָדער גרויסע תלמודישע ציטאַטען. און דאריבער האָבען זיי געמוזט אויסגעפונען עפּעס נייעס. און דאָס זיינען עס טאַקי געווען די קורצע „גמטריאות" וועלכע יעדער האָט געקאָנט גאַנץ לייכט אויפפאַסען.

[101] געגוירערס וועגען דעם, זעה פריהער די בעמערקונג 9 צומקאַפּיטל „דער איבּיגער יוד' וועגען די פאַלשע-משיחים.

דערע פלעגט ווידער, אַזאַ פערלוירענע האָפנונג פיעל מאָל אַזוי שטאַרט צו ווירקען, אַז פאַר כעס און פערצווייפלונג פלעגען זיי גאָר אָבצופאַלען פון יודענטום און זיינען אָפט זאָגאָר די ערגסטע שונאים אונזערע געוואָרען...[102]) און דאָס האָט טאַקי דער תּלמוד בּייצייטענס פאָראויסגעזעהען און האָט געוואָרפען אַ אָפענע קללה אויף די אַלע אַרט „משיח-צייט-בּערעכנונגען".

„זאָלען פערפוילט ווערען – שילט דער תּלמוד — די ביינער פון די קץ-בּערעכנער, ווייל נור דורך זיי פערליערען עס פיעל יודען זייער גלויבּען אין אַ בּעסערע צוקונפט; דען זיי זאָגען: גראָד ווי ס'איז אָנגעקומען דער דאָזיגער קץ און משיח איז ניט געקומען, אַזוי וועט ער שוין קיינמאָל ניט מעהר קומען"...

„תיפח עצמן של מחשבי קיצין! שהיו אומרים: כיון שהגיע הקץ ולא בא, שוב אינו בא... (סנהדרין צ"ז)

צום גליק זיינען אָבער ס'רוב בּעלי-גמטריא געווען פאָרזיכטיגער אין זייערע משיח-צייט-בּערעכנונגען און פלעגען מעהרסטענטיילס צו ערקלערען סתם, אַז משיח דאַרף בּאַלד אָנקומען, אָדער זיי פלעגען זייערע גמטריאות אַזוי צו בּערעכנען, דאָס עס איז ממילא אויסגעקומען, אַז די גאולה וועט קומען אין אַ פּאָר יאָהר שפּעטער. זעלבּסטפערשטענדליך, אַז דורך דעם האָבּען דערווייל די געיאָגטע און געפּלאָגטע יודען אַריינבּעקומען אין זיך אַבּיסעל מעהר מוטה און האָפנונג אויף דער צוקונפט, וואָס עס האָט אויך זעהר גוט געווירקט צו קאָנען לייכטער אַריבּערטראָגען די צרות, פּיין און ליידען פון זייער געגענוואַרט...

---

# XVI.

# שלוס-וואָרט.

יעצט, ווען מיר האַלטען שוין אַזוי ווייט — ווען מיר זעהען מיט אונזערע אייגענע אויגען, ווי די אַלע פאָראויסזאָגונגען פון אונזערע גרויסע מענער ווערען פערווירקליכט; ווען מיר זעהען, ווי די „מאַכט פון די ימים" מיט דער „מאַכט פון דער יבשה", — דער אַזוי גערופענער „שור-הבר" און „לויתן" בּויגען זייער מצח-נחושה, זייער קופּערנעם שטערן און זייער „אייזערנע פויסט" פאַר דעם נביאישען אידעאַל פון „צדק ומשפט", פון רעכט און גערעכטיגקייט — און ווען מיר האָבּען דערלעבּט צו זעהען, ווי די אונז צוגעזאָגטע „תחיית-המתים-צייט", די עפּאָכע פון דער פעלקער-ערוואַכונג קומט שוין טאַקי אָן — אָט דאָס אַלץ, אַז מיר האָבּען די זכיה געהאַט צו דערלעבּען, מעגען מיר מענשען זיך בּאמת גליקליך שעטצען.

---

[102]) ס'געניגט נור צו דערמאָנען, אַז אַ גרויס-אינקוויזיטאָר אין שפּאַניען און דער הויפּט-ריכטער בּיי די פּאָרטוגיזישע אויטאָ-דעפעס, וועלכע זיינען איינגעריכטעט געוואָרען ספּעציעל אויף צו פערבּרענען די „אונגלייבּיגע", אַז אָט די צוויי בּלוט-שונאים פון יודען, זיינען אַליין אויך געווען אזעלכע אָבּגעפאַלענע-יודען"...

גאַנץ בעזונדערס אָבער מעגען דערפון צופריעדען זיין טאַקי מיר יודען; מיר מעגען ערשטענס שטאָלץ זיין, וואָס די שעפּפער פון די אַלע ערהאַבענע אידעען שטאַמען אויסשליסליך פון אונז; און, צווייטענס, מעגען מיר גליקליך זיין, זעהענדיג ווי אַלע זייערע פּאָראויסזעהונגען אונז יודען געגענאיבער ווערען אַזוי ריכטיג מקויים. — זיי האָבען אונז צוגעזאָגט, אַז מיר יודען וועלען קיינמאָל ניט אויפהערען אַ פאָלק צו זיין — דאָס זעהט דאָך דוכט זיך איצט די גאַנצע וועלט... און אַז זיי האָבען אונז פערזיכערט, דאָס קיין שום צרות און ליידען וועלען אונז קיינמאָל ניט פערניכטען קאָנען, אָט דאָס ווייסען אַמבעסטען טאַקי מיר יודען אַליין. דען גראָד, ווי עס האָבען אונז ניט פערניכטען געקאָנט אין „אַלטערטום״: די פּלישתים, אשור׳יער, בבל׳אניער ארם׳ער, עגיפּטער, סיריער, פּרס׳ער, גריכען און רוימער, דורך שענדען אונזערע הייליגטימער, דורך פערווערען אונזערע גאָטעסדיענסטען, דורך צערשטערען פון אונזערע היסטאָריש-נאַציאָנאַלע ערטער,[103]) און דורך פערקויפען אונז צ'לס שקלאַפען און קנעכט — אַזוי האָבען אויך אין „מיטעל-אַלטער״ אונז ניט ארויסראָטען געקאָנט: די ביזאַנטישע פערפאָלגונגען, די פערסישע אונטערדריקונגען, די מאַחמעדאַנישע גרויזאַמקייטען, די מיטעל-אייראָפּעאישע „שאַנד-גזרות״, די מערדערישע קרייץ-ציעגע, די העצענדע „פּופּסטליכע בולעס״ און אַלע אַנדערע אויפרייצעדע „עדיקטען״; און גראָד ווי עס זיינען אונז ניט אימשטאַנד געווען בייצוקומען אין דער „ניי-צייט״ די שרעקליכע גרושים, די מערדערישע אינקוויזיציעס, די שמד-מאַרטירערייען, די מאַסען-מאָרדען, אוטאָ־דעפעה׳ס, אונמענשליכע געזעצע, די קאָפּ-שטייערס, „געלע לאַטעס״, פערדוויידלען אויף די מלבושים, מסחר-בעגרענצונגען, פערוועהרונג פון ערד-אַרבייט, צווינגונג צו האַנדלען מיט אַלטוואַרג (איטאַליען), נויטען צו ווערען נור ליכוויאַזשעס,[104]) שענקערס און מעקלערס, בעמיהונגען צו מאַכען אונז פאַר גנבה־

---

[103]) חי די געשיכטע דערצעהלט, האָבען די דערמאָנטע פאַרצייטישע שונאים פון יודישען פאָלק, גאַנץ אָפט צושטערט די שעהנסטע היסטאָרישע ערטער פון יהודה; די אחזריות זייערע איז אין דער הינזיכט אַזוי ווייט דערגאַנגען, דאָס האַדריאַן האָט זיך ניט בעגניגען געלאָזט בלויס מיט אויסרויבען די טייערע געגענשטענדע און מיט פאַרברענען דעם בית-המקדש, נור ער האָט בעשלאָסען צו פערניכטען זאָגאַר דעם לעצטען שפּור פון דעם דאָזיגען יודישען פּראַכט-געביידע. צו דעם צוועק האָט ער עס בעפוילען זיין פעלדהערר „טינוסרופוס״, וועלכער איז דאַן געווען אָנגעשטעלט אין יהודה אַלס רוימישער פּראָקוראַטאָר, צו צואַקערן זאָגאַר דאָס אָרט, וואו דער בית המקדש איז געשטאַנען. און כדי אָבצומעקען אויך יעדעס מינדעסטע אָנדענקען אָן יענעם יודישען הייליגען טעמפּעל—האָט ער אויף יענעם צואַקערטען פלאַץ, וואו דער בית המקדש איז געשטאַנען, אויפגעשטעלט אַ גרויסען טעמפּעל פאַר דעם אָבגאָט „יופּיטער״ און האָט די שטאָדט „ירושלים״ גענצליך איבערגעבויט אין גריכישען סטיל און איהר אַ נאָמען געגעבען „עליא-קאַפּיטאָלינאַ״. אַלע יודען האָט ער פערטריבען פון יענער „נייער״ שטאָדט און ארויסגעגעבען אַ טוידעס-אורטייל פאַר יעדען יוד, וואָס וועט וואַגען צו בעטרעטען די מויערן פון דער שטאָדט „עליא-קאַפּיטאָלינאַ.״

[104]) וועגען די פּריווילעגיעס, וואָס שענקערס און „מעקלערס״ האָבען אמאָל אין פוילין געהאַט, ווייסט געוויס יעדער. עס איז אָבער כדאי בעזאָנדערס צו מאַכען, אַז אויך „ליכוויאַזשעס״ האָבען אין פוילין אַמאָל בעקומען מעהר רעכטע פון אַנדערע יודען. — אַ פאַרצייטישער אָפיציעל־פּוילישער דאָקומענט פון יאָהר 1823, וועלכער געפינט זיך צווישען מיינע אַלטע אַרכיוען לויטעט אַזוי:

**אויפקויפערס און פּאַסערס[105]) — אזוי האָבען אונז יודען ניט פערטילגען געקאָנט אויך אין די לעצטע יאָהרען: די „יעזואיטישע אָרדענס", שוואַרצע־פּעסט־העצעס. חתונה־בעגרענצונגען,[106]) דאָס איינפיהרען פון „געטאָ־ווינקלען", די בלוט־בלבולים.**

„דאָס רעכט אויף צו מעגען טראָגען זייערע טראַדיציאָנעלע מלבושים, אָן שום ספּעציעלע אָב־צאָהלונגען דאַפיר, האָבען פאָלגענדע יודען: רבנים, דינים, חזנים, כהנים, מלמדים, שוחטים. געלד־שפּעקולאַנטען, וואָס באָרגען געלד אויף פּראָצענט אָדער אויף משכנות און יודען וואָס זיינען עלטער פון 60 יאָהר."—אזויאַנאָך האָט מען עס אונז געצוואונגען צו ווערען ליכוויארזשעס..

[105]) דאָס דאָזיגע חאַראַקטעריסטישע געזעץ, וועלכעס ערלויבט יודען אויפצוקויפען גנבות און צו ווערען פּאַסערס, האָב איך געפונען אין פּאַרצייטישען פּוילישען קאָדעקס, אינ׳ם בעוואוסטען געזעץ־בוך „פּראַווא מאַגדעבורסקיע וויעיסקיע" פון יאָהר 1554, וועלכעס געפונט זיך ביי מיר. עס לויטעט אזוי: „געגנב׳טע זאַכען, חוץ פון קלויסטערס, וועלכע מ׳געפונט ביי יודען מוזען צוריק באַצאָהלט ווערען. דען אַ יוד מעג קויפען גנבות. דאָס דאָזיגע געזעץ איז אָפּיציעל אַרויסגעגעבען געוואָרען, כדי גנבות זאָלען אייביג אַרויסקומען"...— אָט וואָס מ׳האָט געוואָלט מאַכען פונ׳ם יוד...

[106]) דאָס פּרעה׳שע געזעץ, פון דער „ניי־צייט"*), וועלכעס האָט געוואָלט פערהיטען, אַז די יו־דען זאָלען זיך ניט צופיעל מעהרען, איז איינגעפיהרט געוועזען אין פּרייסען, עסטרייך, בעהמען און מעהערן אין פאָלגענדע יאָהרען: אין עסטרייך האָט קייזער קאַרלוס דער זעקסטער אַרויסגעגעבען אין יאָהר 1726 אַ געזעץ, אַז אין יעדער יודישער פאַמיליע האָט נור איין מיטגליעד אַליין דאָס רעכט חתונה צו האָבען און זעלבסטשטענדיג צו ווערען. און כדי צו האָבען אַ גענויע קאָנטראָלע דערי־בער, האָט ער פעראָרדנעט, אַז נור דער עלטסטער זוהן פון יעדער פאַמיליע מעג געניעסען פון דער פּריווילעגיע. — אונטער דער רעגיערונגס־צייט פון מאַריאַ־טערעזיאַ, (אונסגעפעהר אין יאָהר 1752) איז אין בעהמען און מעהערן אַרויס אַ געזעץ, אַז אין בעהמען מעגען וואוינען נור 20 טויזענד יודישע פאַמיליען, און אין מעהערן, נור 5,100; מעהר פון דער צאָהל יודען האָבען ניט געטאָרט חתונה האָבען...—אין פּרייסען האָט פריעדריך דער צווייטער (דער גרויסער) אַרויסגעגעבען אין יאָהר 1759 אַ געזעץ, אַז יעדער יוד, וואָס וויל בעקומען אַ ערלויבניש אויף חתונה האָבען, מוז פריהער קויפען אין דער קעניגליכער פּאָרצעלאַן־פאַבריק פערשיעדענע פּאָרצעלאַן־אַרטיקלען אויף דער סומע פון 300 ביז פינפהונדערט טאַלער און זיי טראַנספּאָרטירען קיין אויסלאַנד. זעלבסטפערשטענדליך. אַז ניט יעדער האָט געקאָנט פּאַר אַזאַ סומע קויפען פּאָרצעלאַן און ניט יעדער איז אימשטאַנד געוועזען דערצו צו באַצאָהלען דעם אונגעהייערן שטייער און צאָל, וואָס דאָס טראַנספּאָרטירען דער־פון נאָך אויסלאַנד האָט געקאָסט. און דעריבער איז ממילא אויסגעקומען, אַז גאָר אַ קליינע צאָהל אויסנאַהמס־יודען האָבען בעקומען די ערלויבניש חתונה צו האָבען. זעלבסטפערשטענדליך, אַז אַזאַ געזעץ, האָט טאַקי זעהר געשאָדעט דער פערמעהרונג פון יודישען פאָלק...

*) איך זאָג פון דער „ניי־צייט", ווייל אין „אַלטערטום" און אין „מיטעל־אַלטער" זיינען די דאָזיגע פּרעה׳שע געזעצען אַרויס אין אַ גאַנץ אַנדערער פאָרם... — ביי דער געלעגענהייט איז ניט איבריג צו בעמערקען, אַז די וועלט־היסטאָריע ווערט אין דער וויסענשאַפטליכער וועלט געטיילט אין 3 עפּאָכען: די גאָר ערשטע היסטאָרישע עפּאָכע, וועלכע הייסט: דאָס „אַלטער־טום", ווערט גערעכענט פון די גאָר עלטעסטע צייטען, ביז צו דער פונאַנדערטיילונג פון דער רוי־מישער אימפּעריע אין די צוויי בעוואוסטע מלוכות: אין די „ביזאַנטישע מלוכה" און אין „רוימיש־מערב׳דיגען קייזערטום". דאָס הייסט פון פאַרצייטענס ביז צום יאָהר 476 לויט דער איצטיגער צייטרעכנונג; די צווייטע עפּאָכע, וועלכע הייסט „מיטל־אַלטער", ווערט אין דער וועלט־גע־שיכטע גערעכענט פון יאָהר 476 ביז צו דער ענטדעקונג פון אַמעריקאַ דורך קאָלומבוס׳ן ד. ה. ביז צום יאָהר 1492; די דריטע היסטאָרישע עפּאָכע הייסט: די „ניי־צייט", זי הייבט זיך אָן פון דער ענטדעקונג פון אַמעריקאַ, 1492, און צעהלט זיך ביז צום היינטיגען טאָג־העכסט־וואַהרשיינליך וועט אונזער איצטיגע צייט אין דער צוקינפטיגער געשיכטע בילדען אַ נייע, פיערטע עפּאָכע.

אויסנאַהמס-געזעצען, בילדונגס-שטערונגען, וואוינונגס-פערוועהרונגען, מערדערי-שע פּאָגראָמען, שפּיאָנאַזש-אַפּערען, פּראָוואָקאַטאָרישע שפּיצלען, פאַלשע בעשול-דיגונגען — און די לעצטע מאַסען-שחיטות, מערדערישע בלוט-בעדער, שיקאַנען, פערפאָלגונגען פון מאנכע ניי-ענטשטאַנענע מלוכות.

און, אַז אַזאַ אַרט שרעקליכע מאַרטירער-קאָלעקציע האָט שוין אונז יודען ניט פערניכטען געקאָנט, מעגען מיר זיך באמת גליקליך שעצען.

דאַביי מוזען מיר אָבער מודה זיין, אַז אונזער גאַנצע ווידערשטאַנדס-קראַפט האָבען מיר נור צו פערדאַנקען די אויפמונטערונגען פון דער תורה, די פּראָפעציייהונגען פון די נביאים, די רעליגיאָנס-בעשטימונגען פון די אנשי-כנסת-הגדולה, די פערזיכערונגען פון די חכמי-התלמוד און די גאולה-פּראָאויסזאָגונגען פון די חכמי-הגולה — זיי, און נור זיי, זיינען עס געווען די וואונדערבאַרע דערהאַלטונגס-מיטלען פאַר דעם געראָדפ'טען יודישען פאָלק, און נור דאָס איז עס געווען דער טרייער „עמוד האש", דער שטראַלענדער לייכט-טורם, וועלכער האָט בעגלייט די האַלבּ-אונטערגעהענדע יודישע פאָלקס-שיף אויף איהר לאַנגער, שטורמישער גלות-רייזע און זי צוגעפיהרט ביז צום געגענווערטיגען זיכ רהייטס-ברעג...

און טאַקי דעריבער, ווייל א נזערע פיהרער און וועגוויייזער האָבען זייער אויפגאַבע אונז יודען געגענאיבער, אַזוי גלענצענד ערפילט און, ניט קוקענדיג אויף אַלע אונערהערטע שטערונגען און גרסעטע שוויריגקייטען, האָבען זיי אונז דאָך צוגעפיהרט צו דעם פון זיי פּאָראויסגעזעהענעם ציעל-פונקט — דאַרפען מיר דאָך זעהען דעם דאָזיגען ציעל-פונקט לויט זייער וואונש [107]) וואָס גיכער צו בע-שטייגען.



[107]) חאַראַקטעריסטיש איז די תלמודישע מיינונג וועגען דער בעשעפטיגונג פון די יודען נאָך דער גאולה.—„ר' יהודה בר' סימון פרעגט: „דער פסוק זאָגט: „איהר זאָלט נאָכגעהן נאָך אייער גאָט"— צי איז דען מעגליך, אַז אַ מענש זאָל נאָכגעהן נאָך גאָט? נור אַזוי ווי גאָט האָט דאָך ביי דער וועלטס-שעפּפונג דאָס ערשטע זיך פערנומען מיט פלאַנצען, אַזוי זאָלט איהר יודען אויך באַלד, נאָכ'ן צוריק-קומען קיין ארץ-ישראל, זיך דאָס ערשטע בעשעפטיגען מיט פלאַנצען". —

„ר' יהודה בר' סימון פתח: „אחרי ה' אלהיכם תלכו" — וכי אפשר לבשר ודם להלוך אחר הקב"ה? וכו'. אלא מתחלת ברייתו של עולם לא נתעסק ה' אלא במטע תחילה, הדא דכתיב: „ויטע ה' אלהים גן", אף אתם לא תתעסקו אלא במטע תחילה, דכתיב: „וכי תבואו אל הארץ ונטעתם כל עץ וכו'".

(ויקרא רבה כ"ה)

אינטערעסאַנט איז אויך די תלמודישע אויסערונג, וועלכע ערקלערט, אַז דעם פסוק: „ולא יהי' כנעני עוד בבית ה'" מיינט מען ניט, דאָס אין דער צוקונפט זאָל מעהר אין ארץ ישראל ניט זיין קיין פרעמדער, אָדער דער סוחריב-קלאַס *) (אַ כנעני) — עס וועט נור דאָרט מעהר קיין אָרימאַן ניט זיין"... — א"ר ירמיה: לא יהי' כנעני—לא יהי כאן עני"... (פסחים פ"ג)

*) ווי בעוואוסט האָט אין העברעאישען דאָס וואָרט „כנעני" אַ צווייפאַכע בעדייטונג: „כנעני" הייסט דער אור-איינוואוינער פון ארץ ישראל, וועלכעס הייסט אויך דאָס לאַנד „כנען", אויך ווערט אַ סוחר אָנגערופען „כנעני".

ברידער יודען! אין איצטיגען היסטאָרישען מאָמענט, ווען יעדעס פאָלק פעראייניגט אַלץ פעסטער זיינע פאָלקס-קרעפ-טען, כדי אַריינצוטרעטען אין נייעם וועלטס-לעבען אַלס גרעסערע און עקזיסטענצ-פעהיגערע נאַציאָן; אין אַזאַ פייער-ליכער שעה, ווען די פאַרטייען פון יעדען פאָלק שטעלען אַוועק צוליעב'ן פאָלקס-אינטערעס זייערע פאַרטיי-דיפערענצען און פערשמעלצען זיך כלפי-חוץ אין איין גרויסען און שטאַרקען פאָלקס-קערפער — אָט אין אַזאַ וועלט-בעדייטענדער צייט דאַרפען דאָך מיר, דאָס „שה פזורה בגויים", — דאָס צווישען די פעלקער פונאַנדערגעוואָרפענע שעפסעלע — דאַרפען עס דאָך אַ ודאי און אַ ודאי צו טהון.

און ווען זאָגאַר דער גלות האָט אונז צוואָרפען און צושפרייט
און געשאַפען פאַר אונז היימען, אַלץ „נייע פאטערלענדער" אויף דער וועלט;
דאַרף מען אָבער אייביג געדענקען, אַז נור אויף מזרח-זייט
געפונט זיך עס „ארץ-ישראל", — אונזער הייליגסטעס גרינדונגס-געצעלט.

* * *

און האָבען אונזערע שונאים ביז איצט געוואָלט בעווייזען,
אַז מיר, „אחים לצרה", זיינען בלויס אַ פאָלק צו צרות און ליידען...
דאַרפען דאָך וועניגסטענס מיר אליין דער מענשהייט איצט ווייזען,
אַז די „חברים כל ישראל" קאָנען אויך זיין אַ פאָלק צו פריידען...

**און געדענקען זאָלען מיר די ווערטער פון אונזערע גרויסע מענער:**

## „אֵין יִשְׂרָאֵל נִגְאָלִין, עַד שֶׁיַּעֲשׂוּ אֲגוּדָה אַחַת"!

## די יודען וועלען ערשט דאַן ריכטיג בעפרייט זיין, ווען זיי וועלען זיך אַלע צוזאמען פעראייניגען אין איין איינהייטליכען פאָלקס-פערבאַנד!

אָט דאָס מוז איצט זיין אונזער הייליגסטע אויפגאַבע, און נור אויף אַזאַ אַרט וועלען מיר ערגייכען קאָנען אַלץ, וואָס אַ ניי-אויפגעלעבט פאָלק קאָן און דאַרף אויך צו ערגייכען.



A. TENENBAUM.

# Wojna światowa, Pokój powszechny i Epoka Mesjasza.

(Podług Biblji i Talmudu)



:: Tłocznia ::
M. MAJMONA, Łódź
:: Cegielniana 10. ::

Łódź,—1920.